DAVID AND SYLVIA STEINER YIZKOR BOOK COLLECTION
STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY
NO. 14228

# *Stawiszcze Memorial Book*

Sṭaṿishṭsh



THE NEW YORK PUBLIC LIBRARY – NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
YIZKOR BOOK PROJECT

NEW YORK, NEW YORK AND AMHERST, MASSACHUSETTS

# יזכור

יזכור אלוקים נשמות אחינו בני ישראל, תושבי סטאווישטש ובנותיה שנהרגו ושנשחטו ושנשרפו ושנחנקו על קידוש השם בידי צוררי ישראל על אדמת אוקריינה.

יזכרם אלוקים לטובה וינקום נקמת דם עבדיו השפוך.

תהיינה נשמותיהם צרורות בצרור החיים עד עולם.

## די קאַמיטע

ארטור שעכטער (אהרן שוחט) ערן־פּאַרזיצער

ישראל רובין (רובטשינסקי) סעקרעטאַר — קאַסירער

משה גאלאנט

משה קאהן

איסאַק גאָלוב

לואי ליפּאָווסקיע

דוד זאסלאווסקי



דער גרינדער און ערשטער פרעזידענט פון סטאַוואַשטשער
סאָסייעטי אין ניו־יאָרק — צדוק (טשאַרלס) מאַזער ז״ל

אַרטור שעכטער
גראנד-רעפּידס, מישיגאן

# אַריינפיר צום בוך



איך בין אוועק געפאָרן פון מיין היים-שטאָט אין יאָר 1907. אין די פאראייניקטע אמעריקער שטאטן בין איך שוין 53 יאָר.

פרעגט זיך, פארוואָס האָב איך זיך ערשט איצט 41 יאָר נאָכן חורבן פון די אוקראינער יידישער ישובים פארעקשנט ארויסצוגעבן א בוך סטאווישטש? אזוי לאנג נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה און נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, — דעמאָלט ווען די אוקראינישע באנדעס האָבן גערויבט, געמאָרדעט און חרוב געמאכט דאָס יידישע לעבן? פאר וואָס ערשט איצט דערמאָן איך דאָס?

איך ווייס אז אין פארגלייך מיט דער גרויסער וועלט-קאטאסטראָפע מיט דעם גרעסטן אומגליק אין דער יידישער געשיכטע, די הריגות פון דעם אייראָפעאישן יידנטום — איז די פאסירונג אין אוקראינע פון נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה געווען ניט קיין פארגלייך.

אָבער דווקא דער גרויסער בראָך פון יידישן פאָלק דורך די נאצים ימ״ש האָט מיך אנגערעגט צו פאראייביקן אונזערע קדושים פון אונזער אמאָליק ליב שטעטעלע סטאווישטש דורך א בוך געשריבן אין יידיש, אין דעם לשון וואָס אונזערע טאטעס און מאמעס האָבן זיך אויסגעלעבט. מיר

די לעצטע פון אַט דעם דור, — אויף אונז ליגט דער חוב צו פאַרצייכענען פאַרן צוקונפטיקן היס־טאָריקער און פאַר אונזערע קינדער אַט יענעם לעבן, וואָס האָט, דעם אמת געזאָגט, געהאַט אַזוי פיל שאָטן אָבער אויך פיל ליכט און פרייד אין אונזערע קינדער־יאָרן.

מיר, לעבעדיקע עדות, יורשים פון אַט דער הייליקער קהילה, וואָס האָט מיט גרויסער ליבע אונז איבער געגעבן און איינגעפּלאַנצט אין אונז די מידות פון ליבע און גלויבן — פון פאַרגאַנגענע דורות — מיר מוזן נעמען אויף זיך דעם חוב פון המשך, פאַרשרייבן אין אַ געדענק־בוך די אמאָ־ליקע יידישע סטאַווישטש, און שטעלן אַ מצבה די קדושים וואָס זענען צעריבן געוואָרן אונטער די רעדער פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט גע־זאָלט ברענגען פרייהייט דער וועלט... און אוק־ראַינישע כוליגאַנעס האָבן דאָס אויסגענוצט כדי אויסצוראָטן יידישע ישובים.

מיין פערזענליכער לעבן אויף דעם אמערי־קאַנער באָדן איז געווען ווי ביי פיל עמיגראַנטן פון יענער צייט: געפּלאָגט זיך, געאַרבעט, אַביסל געלערנט, חתונה געהאַט, זיך ווידער גע־פּלאָגט, זיך צוגעשלאָגן צו אַ ברעג — אַ פאַמיליע, פריינט, אַ ביסל געזעלשאַפטלעכן דערפאָלג און אפילו אַ פיינעם מאַטעריעלן באַזיס. אָבער, אַט די קאַרגע 14 יאָר ווו איך האָב פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן, מיין בענקשאַפט נאָך יענע צייטן, נאָכן שטעטעלע, נאָך די אַלע ליבע טייערע יידן וואָס מיר וועלן זיי שוין קיינמאָל ניט זעען האָבן מיך שטענדיק געוועקט, געמאָנט און געבעטן פאַרשרייבן, פאַרצייכנען — זאָל ערגעץ דערמאָנט ווערן אונזער געדעכעניש.

זענען אַזוי געלאָפן די יאָרן, יאָר נאָך יאָר, מען איז געווען יונג און געטראַכט זאָל נאָך אַוועק אַ צייט, שפּעטער, מאָרגן, איבער אַ יאָר, וואָס איז דאָס איילעניש? דערווייל איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, די גרעסטע קאַטאַסט־ראָפע פאַרן יידישן פאָלק, דער חורבן פון גאַנצן אייראָפּעאישן יידנטום. אַ ווייטיק און אַ בזיון, יאָ, דער בזיון אַזוי גרויס ווי דער ווייטיק, אַז אין 20־טן יאָרהונדערט ברענט מען יידן אין גאַז־אויוונס און די וועלט קוקט זיך צו און שווייגט... אמת, זיי הרגענען זיך איינער דעם צווייטן, אָבער אונז ברענגט מען אום נאָר דערפאַר וואָס מיר זענען יידן... דאַמאָלס באַשליס איך אויפגעבן דעם גע־דאַנק פון פאַרצייכענען אונזער שטעטל, אונזערע קדושים, איך הויב אָן טראַכטן אַז אין אַזאַ וועלט איז בעסער צו פאַרגעסן. בלייבן שטיל, שווייגן, שווייגן ווי די מיליאָנען טויטע יידן פון ביידע וועלט־קאַטאַסטראָפעס, טרויערן שטיל ביז, ביז דער טויט וועט אונז מיט זיי פאַראייניקן. אַט אַזוי האָב איך געטראַכט יאָרנלאַנג ביזן יאָר 1949, ביז דער אַנשטייאונג פון דער ליבער מדינת ישראל.

אין יאָר 1949 ביז איך מיט מיין פרוי געפאָרן ניט זייער גערן קיין ישראל. איך זאָג „ניט זייער גערן", ווייל איך האָב זיך פאָרגעשטעלט מדינת ישראל גאָר אַנדערש ווי איך האָב זי דערקענט.

געטראַכט אַ מדינהלע מיט יידן וואָס קאָן מיך ניט — איך מיין, מיין דור, און איז אפשר מיר אויך פרעמד, פרעמד צו דעם וואָס איך בענק, צו דעם וואָס איך האָב יאָרן לאַנג געצערטעלט אין מיין הארץ. און אַט קומען מיר אָן אין אַ ליכטיקן פרייטיק אין דער זוניקער פּראַכטפולער יידישער תל־אביב. און ווי אין אַ חלום פאַלט אַראָפּ אַ כישוף־פאַרהאַנג פון מיינע אויגן, און עס אַנט־פּלעקט זיך דיר אַ פּרעכטיקע אידיליע פון אַ גרויס יידיש לעבן, שיינע הייזער, וווּנדערבאַרע אינסטי־

טוציעס, אַ טעמפּאָ פון בויען, פון שאַפן. און איר־בערהויפּט די קינדערלעך, די ליכטיקע זיסע חיים׳לעך, משה׳לעך, רחל׳עך, שרה׳לעך, טייערע, ליבינקע, און שמייכלענדיק קינדערלעך, אז איר ווילט זיי אויסקושן יעדן אבר. און מיר האָט זיך געדאכט אז זיי רעדן צו מיר און זאָגן מיר: מיר זענען דאָ, מיר זענען דאָ, מיר לעבן, מיר בויען, די שונאים אויף צו פּיקעניש, מיר ציען דעם המשך פון אלץ וואָס דיר איז אזוי טייער און ליב. פאַר־שרייב די חלומות פון דיינע קינדער־יאָרן, און פון דיינע ליבע טייערע טאטעס, זיידעס, מאמעס און באָבעס, און אלע, אלע טייערע יידן וואָס לעבן נאָך אין דיין זכרון. מיר ווייסן אז ניט דו און ניט דיינע מיטהעלפער זענען ניט קיין פּראָ־פעסיאָנעלע שרייבערס, מיר פילן אָבער אז אייער צוועק איז צו דערציילן דעם אמת, צו פארצייכע־נען דעם פאַרגאנגענעם דור וואָס האָט געלעבט און געהאָפט, צוגעטראָגן זייער חלק מי, בענק־שאפט און — — — קינדער. יאָ, אויך קינדער האָט אייער שטעטל געשיקט העלפן בויען מדינת ישראל...

טאָ ברענגט אריין אין אייער נאָסטאלגישן ספר פון אייער שטעטל, דעם טראגישן אומקום פון אייערע קדושים, צוזאמען מיט אייערע דער־מאנונגען פון די ליכטיקע חלומות וואָס מיר האָבן דאָ פארווירקלעכט, די פרייד פון גרויסן זיג פון מדינת ישראל, וואָס האָט אונז אזוי פיל בלוט געקאָסט. מיט אָט דער באַגייסטערונג און כוח האָב איך זיך ווידער פארנומען אויף די עלטערע יאָרן פארצייכענען, לויט אונזערע שוואכע כוחות אויפשטעלן אַ מאָנומענט אונזער ליב שטעטעלע און דער טייערע עדה יידן, וואָס נאָר אַ טייל פון זייערע יורשים לעבן נאָך.

נו, וואָלט איך איצט אויך געקענט אויס־דריקן אַ ביסל צער און ווייטיק וואָס איך האָב באגעגנט צווישן געוויסע לאנדסלייט, סיי אין ניו־יאָרק און אוודאי אין באָסטאָן, צו וועמען אונ־זער קאָמיטעט האָט זיך געווענדעט וועגן מאָראַ־לישער און אַ ביסל פינאנציעלער שטיצע, אָבער איצט ביים אנהויב פון פאַרווירקלעכן פון אונזער חלום, שרייבנדיק אָט די שורות אין תל־אביב, בין איך זיי מוחל.

איך וויל דאָ בעסער דערמאנען די ליבע טייערע חברים וואָס אָן זיי וואָלט אוממעגלעך געווען דער גאנצער פּראָיעקט. און דער ערשטער צו וועמען מיין הארץ וועט שטענדיק פילן חבר־שאפט און רעספּעקט, איז ישראל רובין פון ניו־יאָרק פאר זיין ענערגישער ארבעט פון זאמ־לען מאטעריאל און פינאנציעלע הילף פארן בוך. משה כהן פון פילאדעלפיע, דער סטאַווישטשער חסיד־ענטוזיאסט, וואָס האָט מיך באָמבאַרדירט מיט זיינע בריוו, געוועקט, געמאָנט און קעגן וועמען איך האָב פיל מאָל געזינדיקט, ניט אלע מאָל געענטפערט. צו די זייער סימפּאטישע ברידער גאלוב פון ניו־יאָרק. צו משה גאלאנט, דוד און חוה זאסלאווסקי. צו די ערלעכע פשוטע פאָלקס־מענטשן מר און מרת ליפּאָווסקי און נאָך נעמען וואָס איך קאָן זיך איצט ניט דערמאנען — צו אייך אלע מיינע טייערע לאנדסלייט און צו אלע אנטייל־נעמער אין דעם בוך שיק איך מיינע ברכות און ווינטש אייך איר זאָלט זוכה זיין אז אייערע קינדער זאָלן טראָגן דעם המשך פון אונ־זער פאָלק און זאָלן אויך מיט אזוי פיל ליבע טראָגן אייך אין זייערע הערצער, ווי איר טראָגט נאָך אונזערע ליבע טייערע יידן פון סטאַווישטש.

משה כהן
פילאַדעלפיע

# די אינציאַטאָרן פונעם בוך „סטאַווישטש"

שוין אַ 10—12 יאָר ווי איך שרייב זיך דורך מיט ישראליק רובין (יאשקע דעם קצב'ס זון פון סטאַווישטש), איצט אין ניו־יאָרק. די טעמע פון אונזער שרייבן די לעצטע פאָר יאָר איז געווען ווי אַזוי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון סטאַווישטש און סטאַווישטשער יידן? ביי דער טעמע זענען מיר ליידער געבליבן, אָן עפּעס אויפצוטאָן ממשותדיק.

אין ראַפּידס, מישיגען, וווינט אונזער אַ סטאַווישטשער לאַנדסמאַן, אהרן שוחט, אין אַמעריקע הייסט ער א ר ט ו ר ש ע כ ט ע ר, ער איז מאיר־וועלוול־חוה'ס אַ זון פון סטאַווישטש. אָט דער ליבער ייִד, אַרטור שעכטער, פּאָרט עט־לעכע מאָל אַ יאָר געשעפטלעך קיין ניו־יאָרק, און פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך טרעפן מיט ישראליק רובין. אָט דער זעלבער ישראל רובין האָט זיך פאַר אים פאַרטרויט, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ געדאַנק וועגן פאַראייביקן דעם זכר פון אונזער אַמאָליקער סטאַווישטש.

ווען אַרטור שעכטער האָט דערהערט וועגן דער אידייע, האָט ער איינגעזען, אַז ער איז נישט דער איינציקער וואָס ער טראָגט זיך אַרום מיט דעם געדאַנק. אויך ער אַליין איז מיט דעם געדאַנק. און דער געדאַנק האָט אים אינספּירירט דאָס צו רעאַליזירן אין מעשים.

אין דעם בריוו־אויסטויש מיט ישראליק רובין האָט ער אים פאָרגעשלאָגן ער זאָל אין ניו־יאָרק צונויפרופן סטאַווישטשער לאַנדסלייט און זיי דערציילן אין וואָס דאָ האַנדלט זיך.

די ערשטע זיצונג פון די לאַנדסלייט צו פּאָפּו־לאַריזירן דעם געדאַנק פון אַרויסצוגעבן אַ בוך זכרונות פון סטאַווישטש, איז פאָרגעקומען אין ניו־יאָרק אין אַ הייסן שבת־אָוונט, אין חודש יוני 1959. עס האָבן אַנטייל גענומען 14 לאַנדס־לייט פון ניו־יאָרק. עס האָבן אויך אַנטייל גענומען אין דער פאַרזאַמלונג נאָך עטלעכע וואָס וווינען נישט אין ניו־יאָרק, דער שרייבער פון די שורות, מיין שוואָגער־מאָטל מאַרקמאַן פון פילאַדעלפיע, און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַרטור שעכטער, פון גראַנד ראַפּידס, מישיגען. עס איז נישט צו פאַר־געסן די איינדרוקספולע רעדע פון אונזער ליבן סטאַווישטשער לאַנדסמאַן, אַרטור שעכטער, וואָס ער האָט געהאַלטן דעמאָלט אויף דער ערשטער זיצונג, וויפל האַרץ און נשמה האָט ער אַריינ־געלייגט אין זיין רעדן פאַר דעם פּראָיעקט פון דער הייליקער אויפגאַבע. און די ערשטע זיצונג איז געווען דער יסוד פון קלייבן דעם קאָמיטעט צו פאַראייביקן סטאַווישטש און סטאַווישטשער יידן.

אַרטור שעכטער האָט זיך דעמאָלט פאַרפליכ־טעט צו דעקן 25% פון די אויסגאַבן וואָס דער יזכור־בוך דאַרף קאָסטן.

די לאַנדסלייט פון ניו־יאָרק מיטן אויסגעוויל־טן קאָמיטעט האָבן געהאַט פיל שוועריקייטן אין דער פּלאַנירטער אַרבעט. און דער עיקר פאַרדינט אַ יישר כוח אונזער ווירדיקער סעקרעטאַר, ישראליק רובין, ער איז דער לעבעדיקער נערוו פון קאָמיטעט, אַ דאַנק אים איז צו פאַרצייכענען

דער דערפאָלג פון דער אָפּגעטועטער ארבעט. און אוודאי דאַרפן מיר לויבן אונזער ליבן ערן־פּרעזידענט, ארטור שעכטער, פאר זיין אקטיוון אנטייל אין דער ארבעט ארויסצוגעבן דעם יזכור־בוך. אונזער ארטור שעכטער איז א מאַן פון איניציאַטיוו, גלויבן און געדולד, וואָס קען דערגרייכן און רעאַליזירן די שווערסטע אויפגאַבן.

דערנאָך די באגעגעניש אין יאָר 1960 אין פילאדעלפיע פון מיר מיט די ליבע סטאַווישטשער אַקטיווע טוערס, ארטור שעכטער און ישראליק רובין, נישט געקוקט וואָס מיר אַלע דריי זענען תמיד פארנומען מיט אונזערע פּערזענלעכע געשעפטלעכע ענינים, אָבער דער פּראָיעקט פון ארויסגעבן דעם יזכור־בוך פארנעמט גאַר א וויכטיקן צענטראַלן אָרט אין אונזער הארץ און נשמה. פאר מיר איז די באגעגעניש געווען אזא טיפע נשמה׳דיקע איבערלעבונג, עס האָט אין מיר געברויזט א אינערלעכע פרייד, א זאָרגלאָזע, פונקט ווי איך וואָלט געווען אַ יינגעלע, פארגעסנדיק אין דער רגע די צענדליקער יאָרן, וואָס מיר זענען אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון אונזער אַמאָליקן סטאַווישטש — און מיר זענען איצט באַיאָרטע בירגער אין אמעריקע. אָט איז אונזער ליבער לאַנדסמאַן, ארטור שעכטער, געקומען אין אמעריקע אלס 14 יאָריקער יינגל, און שוין העכער פינף צענדליק יאָר איז ער איינגעבירגערט אין אונזער אמעריקע, אָבער עס איז נישט איבערצוריסן די נשמהדיקע פעדים וואָס עס פארבינד אים מיט אונזער היימיש ליב שטעטעלע, סטאַווישטש. אויך מיר אלע לאַנדסלייט, ווו מיר זאָלן זיך נישט געפינען אויף דער וועלט זענען געקניפּט און געבונדן מיט הארץ און נשמה צו אונזער אומפארגעסלעכער אלטער היים פון אונזערע פריערדיקע דורות. און יעדער לאַנדסמאַן וועט האָבן א הייליקן חוב צו האָבן ביי זיך דעם יזכור־בוך וואָס וועט פאראייביקן דעם אָנדענק פון די סטאַווישטשער יידן, פון דער אַלטער היים פון אונזערע ליבע טאַטע־מאַמע, באָבע און זיידע, וואָס האָבן מיט הארץ און נשמה אונז דערצויגן.

ישראל רובין

## סטאַווישטשער סאָסייעטע אין ניו־יאָרק

אין יאָר 1907 האָט זיך צוזאמען גענומען א גרופע סטאַווישטשער לאַנדסלייט אין דער צאָל פון 25 פּערזאָן און געגרינדעט אַן אָרגאַניזאַציע מיט דעם נאָמען „ערשטער סטאַווישטשער אונטערשטיצונג־פאריין" מיט צדוק מאזער אין דער שפּיץ, וועלכער איז געוואָרן דער ערשטער פּרעזידענט פון דער סאָסייעטע.

זיי האָבן ארויסגעקריגן אַן ערלויבעניש פון ניו־יאָרקער שטאַאַט צו פארוואַלטן מיט דער אָרגאַניזאַציע און זענען אנגעגאַנגען מיט דער ארבייט ביז דעם יאָר 1916. דורך די 9 יאָר צייט האָבן זיך א טייל מיטגלידער אָפּגעריסן פון דער סאָסייעטע, ווייל זיי זענען ניט געווען מסכים מיט דער פירערשאַפט און זיי האָבן געגרינדעט א סטאַווישטשער ברענטש פון דער ארבעטער־רינג, אָבער מיט דער צייט זענען זיי כמעט אַלע צוביסלעך געקומען צוריק און אין יאָר 1916 איז די סאָסייעטע רעאָרגאַניזירט געוואָרן.

דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער ערש־טער וועלט־קריג און באַלד נאָך דעם די איבער־קערעניש אין רוסלאַנד. די רוסישע רעוואָלוציע האָט געבראַכט רדיפות, רציחות און הריגות אויף ייִדן. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די גרויסע מאַסן־עמיגראַציע פון ייִדן קיין אַמעריקע און אין אַנ־דערע לענדער. די איינוווינער פון שטעט און שטעטלעך האָבן איבערגעלאָזן זייערע הייזער, געשעפטן, האָב און גוטס און זיך געלאָזן אין דער וועלט אַזוי ווי זיי זענען געשטאַנען און געגאַנגען. די מאַיאָריטעט פון עמיגראַנטן האָבן זיך געלאָזן קיין רומעניע, אייניקע קיין פּוילן. אַנדערע קיין פראַנקרייך ענגלאַנד ארץ ישראל און אַנדערע לענדער. אָנקומענדיק אין פרעמדע לענדער אָרעם, נאַקעט, פרעמד צו אַלעמען און אָן מיטלען צום לעבן איז די נויט פון די עמיגראַנטן געווען זייער גרויס און די געשריִען פון די לאַנדסלייט האָבן זיך דערטראָגן קיין אַמעריקע.

וואָס האָט די סאָסייעטע געטאָן?

צדוק מאָזער זייענדיק דער פרעזידענט פון דער סאָסייעטע האָט פאַרופן א קאָנפערענץ פון אַלע סטאָווישטשער לאַנדסלייט און זיי האָבן באַ־שלאָסן צו גרינדען א רעליעף־פאַנד. ער האָט ניט גערוט באַטאָג און בײַנאַכט, ער און א קאָמיטעט פון עטלעכע מיטגלידער פון דער סאָסייעטע נעמלעך: יוסף ראַבינאָוויץ, אייזיק סילווערמאַן, לואיס קיען, סעם סאַקס, יוסף בורשטיין, פיליפּ ראַטאָף, יוסף סילווערמאַן, יוסף קאַנסקי, לואי דערזשאַנסקיע און פילע אַנדערע, פלעגן באַזוכן לאַנדסלייט וועמען נאָר זיי האָבן געקענט, יעדע נאַכט פון דער וואָך און סיי ענדע וואָך און עס האָט־זיך זיי אײַנגעגעבן צו זאַמלען פיינע עטלעכע טויזענט דאָלער.

זיי האָבן אויסגעוויילט עטלעכע דעלעגאַטן, זיי אַוועק געשיקט קיין רומעניע און צו אַנדערע גרע־ניצען צו העלפן די עמיגראַנטן מיט געלט, מיט נויטיקע פּאַפּירן, מיט וויזעס און מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקענט, כדי מעגלעך מאַכען זיי אַריבער צו ברענגען קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען איינע פון די נאָבעלסטע טאַטן וואָס מענטשן קענען אויף טאָן פאַר די ליידנדיקע, עס האָט אַזוי אַנ׳גע־האַלטן ביז פלוצלינג זענען די טירן פון לענדער מיט אייזערנע פאַרהאַנגען געשלאָסן געוואָרן און מען האָט שוין ניט געקענט העלפן מיט געלט פאַר זייער קומען

אונזער רב, הרב יצחק אברהם גייסינסקי, איז אַוועק געפאָרן פון רוסלאַנד קיין ענגלאַנד. אָפּ־זייענדיק דאָרט עטלעכע יאָר האָט ער באַשלאָסן צו קומען קיין אַמעריקע, און ווען ער איז געקומען אהער האָט אים די סאָסייעטע זייער פיין אויף־גענומען. צוערשט איז ער געקומען קיין פילאַדעל־פיע. א דעלעגאַציע פון אונזער סאָסייעטע איז אהין געפאָרן און אים געבראַכט קיין ניו־יאָרק. מ׳האָט אים געמאַכט פאַר א עהרן מיטגליד פון אונזער סאָסייעטע.

עס ווילט זיך מיר דאָ זאָגן נאָך אַ פּאָר ווער־טער און שייכות צו דעם גרינדער און ערשטען פרעזידענט פון דער סאָסייעטע, צדוק מאָזער ע״ה, ער איז געווען א געניאַלער מענטש, מיט א נשמה, מיט הארץ פון געפילן, ער האָט ליב געהאַט מענטשן בכלל און סטאָווישטשער לאַנדסלייט בפרט. יעדער מינוט איז ער געווען גרייט צו העלפן עמיצן אין א נויט. אָפט מאָל פלעגט ער פאַרנאַכ־לעסיקן זיין פאַמיליע, זיינע געשעפטן און גיין עמיצן העלפן, און אויב ער האָט. אליין ניט געקענט גיין האָט ער אריין געצויגן זיין זון, הערריי מאָזער, וועלכער איז דאַן געווען נאָך א יונגער בחור, ער זאָל אים העלפן אין דער ארבעט.

הסוכנות היהודית לארץ-ישראל
JEWISH AGENCY EXECUTIVE JERUSALEM

# וזאת התעודה למפעל-השכון

# HOUSING CERTIFICATE

לאות הוקרה על התרומה הנדיבה
IN APPRECIATION OF A
למען המגבית היהודית המאוחדת
GENEROUS CONTRIBUTION TO THE
שבניו-יורק רבתי, שנתנה על ידי
UNITED JEWISH APPEAL
OF GREATER NEW YORK

BY *First Stavister Benev. Assn.*

וסיעה לספוק הצורך הדחוף למתן
TO HELP MEET THE URGENT NEED FOR
דיור ומחסה לעולים החדשים בישראל
SHELTERING NEWCOMERS IN ISRAEL

*One*

HOUSING UNITS יחידות-דיור

HAVE BEEN DEDICATED
הוקמו לזכרון-עולם
AS A LASTING MEMORIAL

TO *Stavist*

TREASURER גזבר CHAIRMAN יושב-ראש

JERUSALEM 1949 ירושלים

א מתנה פון דער סטאַווישטשער סאָסייעטי אין אַמעריקע פאַר מדינת ישראל

זיין הויז איז געווען אָפן פאר יעדען און אויך אזוי איז געווען זיין הארץ. ער פלעגט העלפן יעדען מיט ראט און טאט. צום באדויערן איז ער צו פרי אוועק געריסן געוואָרן פון אונז. ער איז געשטאָרבן יונג און ער פעלט אונז שטארק. סטאווישטשער לאנדסלייט וועלען אים קיין מאָל ניט פארגעסען. ערע זיין אנדענק.

אין לויף פון די יאָרן האָט זיך אונזער סאָסייעטע ענטוויקלט מיט א מיטגלידערשאפט פון נאָענט צו 200 פאמיליעס. דורך דער צייט האָט די סאָסייעטע דורך געפירט אייניקע אונטערנעמונגען, בעלער, טאנץ-אָוונטן און באנקעטן. עס דערמאנט זיך מיר אין א באנקעט וועלכען מיר האָבען געפירט אין דעם יאָר 1948 ווען מדינת ישראל איז געגרינדעט געוואָרן. מיר האָבן געשאפן א סומע געלט און אויף געשטעלט א הויז אין מדינת ישראל אויף דעם נאָמען פון סטאווישטשער סאָסייעטע אין ניו-יאָרק.

נאָך א פאסירונג, פון אונזער באנקעט אין 1956. מיר האָבען געפייערט 40 יאָר עקזיסטענץ פון אונזער סאָסייעטע וועלכע איז רעאָרגאניזירט געוואָרען אין 1916. עס איז פאָר געקומען אין זייער א שיינעם פראכטפולען זאל אין די בראנקס, מיט גוטע שפייזן, מוזיק, און ביי געלעגענהייט האָבען מיר געשאפן א גאָלדענעם בוך אין וועלכען זייער א גרויסע טייל מיטגלידער האָבען זיך באטייליקט מיט אריין שרייבן זייערע באגריסונגען און מיט אייניקע בילדער. מיר האָבן אויך אפּגעגעבען א טייל פון בוך פאר יזכור פארצייכענונגען פאר אונזערע ליעבסטע און טייערסטע. מיר האָבן אויך געהאט געסט-לאנדסלייט פון פארשידענע שטעט, באָסטאָן, פילאדעלפיע, קאָנעקטיקוט, באפאלאָ, טשיקאגאָ, טאָראָנטאָ קענעדע, און אפילו פון אפריקע אין דער צאָל פון 25 באזוכער.

אונזערע בענעפיטן באשטייען פון אינשורענס פאָליסע פאר יעדן מיטגליד, קראנקען בענעפיט, זייטיקע שטיצעם פאר די מיטגלידער, שטיצעם פאר פארשידענע אָרגאניזאציעס. אונזער פארמעגן באשטייט פון 3 אויסגעצאָלטע סעמעטעריעס, פיינע עטלעכע טויזנט דאָלער מזומן געלט, אמעריקאנער באָנדס און מדינת-ישראל באָנדס. מיר האלטן אָפּ אונזערע זיצונגען רעגעלמעסיק יעדן מאָנאט. מיר האָבען זייער גוטע פאראנטווארטלעכע פארוואלטער און די געשעפטן ווערן דורכגעפירט אויף א עכסט דעמאָקראטישן אופן. מיר האלטען א לאָקאל אין אקאדעמיע האָל, 14טע גאס ניו-יאָרק, ווו מיר האלטן אָפּ אונזערע זיצונגען.

פאר די לעצטע 25—30 יאָר, איז אונזער סאָסייעטע א שטאָלץ און א מוסטער פאר אלע אנדערע סאָסייעטעס, און איך גלויב אז ביי יעדען סטאווישטשער דארף זיין א שטאָלץ און א כבוד צו באלאנגען צו אונזער סאסייעטע .

הרב מ׳ הלוי
יבניאל, ישראל.

# מימים רחוקים

לו היה מחבר „פרק שירה" מחפש פסוק לשים אותו בפי העיירה סטווישטשה, היה בודאי בוחר את המלים: „שחורה אני ונאוה בנות ירושלים".

כי אמנם שחור ועלוב היה המראה החיצוני של העיירה. כשהתבוננת בתושביה חשבת: הנה הם צאצאיהם של גולי יהודה הקדמונים, רשמי נדודיהם ועינוייהם חרותים על פניהם ונשקפים ממבטי עיניהם המביעים געגועים, דאגה עמוקה לפרנסה, פחד מפני הגוי ונכונות להתחנף אליו או לסבול ממנו.

רחובות מגוריהם ערומים מכל דבר אשר יהנה את העין. כמעט אין זכר לצמח; שורות הבתים עקומות ונפתולות; אין מרצפת אבנים ולא מדרכות; רבים מן הבתים גם בלי חצר ובלי גדר ויש אשר רצפתם טיח של חמר שמחדשים אותן בכל ערב שבת.

נתחזק הרושם של העניות הזאת על-ידי זה שרחובות מושבם של היהודים וסמטאותיהם עמדו על גבול הפרבר הנהדר אשר מסביב לארמון הגרף — אדוני המקום. ובפרבר הזה בתים בנויים בנאוה, גנים מטופחים, ירק, פרחים, שלוה ויופי — אלה הם משכנותיהם של הפקידים הרבים העובדים במשרד הגדול והמפואר של הגרף להנהלת האחוזות אשר בסביבה.

„עמו אנכי בצרה" — גם השכינה היתה בגלות: בית-המדרש, הקלויז הטלנאי והקלויז המקרובי — בדיוטא אשר מתחתיהם היו חנויות מבלי כל מרחק של כבוד בין הקודש ובין החול.

שחורה אני, שחורה מבחוץ כאהלי קדר, אבל גם נאוה מבפנים כיריעות שלמה. ושלושה הם הדברים שבהם התבטא האופי הרוחני של הקהילה הקדושה הזאת:

א. הציונות. כל בר אבהן ואיש מדות מבני המקום ציונים היו. מאתים מניות של ה„קולוניאל בנק" קנו בני העיירה העניה הזאת. אלפיים לירות שטרלינג לפני ששים שנה בסטווישטשה היה סכום עצום. וכאשר קראו בעתונים כי הדוקטור הרצל אמר שלו היה ההון היסודי של הבנק נכנס במלואו היה יכול אז להשיג גדולות במשא ומתן עם שליטי תורכיה, שלחו מסטווישטשה איש לקיוב אל הפרופיסור מנדלשטם לשאול אותו ולהגיד לו, כי אם באמת כזה הוא המצב הם מוכנים לקרבנות יוצאים מן הכלל (ימכרו את הכרים מתחת לראשיהם). הפרופיסור האציל הרגיעם ואמר שאין המצב מחייב צעדים כאלה.

הציונים בסטווישטשה בנו להם בית-תפילה מיוחד ובו פנקס של תקנות-יסוד (נכתב על-ידי יעקב קופליווצקי ז"ל, שעטו בעברית היה עט סופר טוב-טעם).

כותב הטורים האלה לא ראה את הפנקס, אבל אחדות מן התקנות נמסרו לו בעל-פה, ואלו הן:

- כל אחד מבאי בית-התפלה הקבועים חייב לשקול בכל שנה את השקל.
- בלילה הראשון של הסליחות יפילו גורל מי ומי מחבר המתפללים יהיו הגבאים

לשנה הבאה ואיזה מקום ישיבה יהיה לכל אחד מהחברים באותה שנה.

- הגבאים עורכים את תקציב בית-הכנסת ובערב יום הכפורים מחויב כל אחד להכניס את אשר הטילו עליו לפי מצבו הכלכלי.

היה מקרה ואחד סירב למלא את הערכת הגבאים — אז עיכבו את תפילת „כל נדרי" עד שהלה הודיע על ביטול סירובו.

- נדבות אין בית-התפילה מקבל.
- בשמחת-תורה הכל מנדבים, כל אחד לפי רצונו, לקרן הקיימת לישראל.
- על יד הקורא בתורה עומדת קופסה ובה שמות החברים. הקורא מוציא שם וקורא את האיש לעלות לתורה; את הפתקה עם השם הוא מטיל לקופסה שניה. אחרי שהוצאו כל הפתקאות הוא מערבב אותן מחדש וחוזר לחלק את העליות על פי הגורל.

איזה עקרונות נהדרים של שויון ופשטות בבית אלקים!

פה צריכים להיזכר אלה שנסעו לארץ-ישראל בימי העליה השניה, במחשבה לבחון אם יוכלו למצוא שם מקור למחיתם. אלה היו: שלמה סולגניק ע"ה, לייב ווייסמן ויותר מאוחר אליהו עושה-התנורים. הם אמנם שבו, אבל הנסיון מעיד על כיסופי גאולה.

בספרו „מימים ראשונים" מספר א. דרויאנוב ז"ל על נסיונו של יוסף קודרנסקי לגאול שטח גדול בסביבות באר-שבע. לשם זה נוסדו בערים אחדות סניפים לחברה בשם „אגודת ישראל" וגם סטווישטשה נזכרה כאחד הסניפים.

הציונות שבמקום היתה גם הסיבה לכך שכותב הטורים האלה הובא מישיבתו של הרב רײנס ז"ל להיות שם לרב, וכשחגגו את בואו הופיעה משלחת ציונית מזשקוב הסמוכה לברכו, ובין חברי המשלחת היה אליהו דיין אז מחברי „עין גנים" ואחרי כן מראשוני נהלל. גם אחיו שמואל דיין (אבי משה) כשבא מדגניה לבקר את הוריו והיתה לו איזו מניעה לבוא ישר לזשקוב, התארח ימים מספר בבית הרב הציוני.

הזקנים שבדור מחסידי סטווישטשה תהו אמנם על החדשה: ליטאי וציוני בפרהסיה ואיננו חוסה בצלו של איזה אדמו"ר „הוא יורה?"... אבל יורשה נא להגיד: הצעיר בתמימותו, בהליכותיו ודבריו רכש לו במהרה את אמונם המלא.

ב. התלמוד-תורה. בימים ההם, כש-ה„חדר" בצורתו הישנה היה המוסד העממי היחידי לחינוך ברובו המכריע בתחום המושב היהודי, הקימו להם אנשי סטווישטשה (עוד הפעם הציונים) את ה„תלמוד-תורה" על סדריו המחו-דשים: דירה מתאימה, מורה בכל כיתה, זמרה, תעודות-גמר ופיקוח מצד הסניף הקיובי של „חברת מפיצי השכלה". הקמת המוסד הזה — מנהלו הראשון היה אפרים פוקסון — עלתה לעסקניו במאמצים כספיים גדולים, וכולם היו אנשים מן המעמד הבינוני שקיוו בתמימותם כי המוסד שיצליח ישיב להם את השקעותיהם. ייזכר פה יצחק בסידסקי ע"ה שהכניס למפעל זה את כל כספו — שמונה מאות רובל — עושר רב לפי ערך הכסף בימים ההם. כותב הטורים האלה לא שמע מפי המשקיעים דברי צער וחרטה על הפסדיהם...

בספר „נפתולי דור" במאמר על „אסירי ציון" נזכרת ריבה בסידסקי, בתו של יצחק, כאחת מאלו ששנותיהן עוברות עליהן בבתי-הסוהר שבסיביר.

ג. התפילה. כותב הטורים האלה שהגיע לסטווישטשה מרוסיה הלבנה התרשם עמוקות מהניגון הלבבי של תפילות יהודי אוקריינה. אצלם גם תפילת מנחה של חול היא מזמור שיר.

בכל בית-תפילה בסטווישטשה היה חזן בשכר. החזנים שמואל מבית-המדרש ואפרים מ„שערי-ציון" התפללו בטוב טעם. זה האחרון, מתלמידיו של זיידל רובנר, ידע גם תוי-נגינה ואירגן מקהלה מנערי המקום שעזרו לו בימי מועד. נדמה לי כי הישג כזה — מקהלה בבית-תפילה — לא היה קיים בעיירות שבסביבה.

במוצאי-שבתות של ימות החמה היה מזדמן אל ביתו של כותב הטורים האלה למסיבת-תה חוג של „בעלי המחשבות" שבמקום (ביניהם חיים-יעקב טשרקס ע"ה שהצטיין במוח חריף, באהבת האמת ובחוש חזק לצדק) והתנהלו שיחות על עניני המקום ועל הנעשה בעולמו של ישראל. מפי בעל-הבית כיוונו לשמוע דבר-מה מדעת תורה ומאמרי חז"ל.

במוצאי החגים הגדולים היו נפגשים במסיבות אלה „יריבים" — חסידים מובהקים וציונים. שלום היה ביניהם. שיחות וזמירות ואחוה.

נזכרת שעה אחת כזאת, שעה של קורת-רוח בעולם הזה. מוצאי-פסח, אביב בטבע ובלבבות, הושרו החרוזים המתוקים של „טל" ואפרים החזן הנעים זמירתו ב„וספרתם לכם ממחרת השבת" וכו', ואחד, איש מוזר, יעקב שמו, שאמרו עליו שהיה מקטני אמנה ועזב את ביתו, נדד למרחקים, היה במצרים ובארץ-ישראל, והנה חזר משם והוא חסיד ברסלבי. הוא רקע בהתלהבות בפזמו: „יהללו שמו במחול", התערב עם השרים והמוחאים כף כשהוא מייגע את כולם...

איך עדה יקרה, קדושה וצנועה? איך נחרבת ונטרפת בשנות אימים ורצח?! — — —

הרב ח. אייזיק רייטער
רב בהמושב זקנים אף ברוקלין האווארד און דומאנט עוועניוס

## פאר א קורצער צייט געווען רב אין סטאווישטש

אוודאי דארפן מיר דאנקען השי"ת פאר דעם גרויסן חסד וואס ער האט געטאן מיט אונז רוסישע ובפרט אוקראינישע יידן, וואס מיר געפינען זיך אין די פאראייניקטע שטאטן ובפרט אין ניו-יארק, און א שטאט ווו עס געפינט זיך א באפעלקערונג קיין עין-הרע לערך 2,500,000, כן ירבו, און א סך לאנדסלייט, ווייל ווען מיר דערמאנען זיך אין אונזערע רוסישע ובפרט אוקראינישע שוועסטער און ברידער וואס זענען אומגעקומען על קידוש השם פון 1919 (לערך 600,000 — זעקס הונדערט טויזנט) ביז 1925 און גאנצע שטעט און שטעטלעך זענען פארניכטעט געווארן דורך פעטליארע, זעליאנע, סאקאלאוו און אנדערע באנדעס ימ"ש. געפין איך פאר נויטיק צו דערמאנען אונזער שטאט סטאווישטש, קיעווער גובערניע, אין דער צייט וואס איך בין אנגעקומען אלס איידעם צו מיינע נאבעלע און חשובע פרומע עלטערן, וואס מען האט זיי גערופן ר' אברהם גייפמאן און שרה הירשל-חנה'ס עה"ש. מיין שווער ע"ה איז געווען א גרויסער תלמיד-חכם און אנגעזעענער מענטש. איך פלעג דארט משמש זיין בתור רב שלא על מנת לקבל פרס, ובפרט אין דער צייט



וואָס דער רב פון שטאָט הרב ר׳ יצחק אברהם, הנקרא פיצי אברהם גייסינסקי ע״ה איז אָפּ־געפאָרן. אין שטאָט האָט זיך דאמאלס גערעכנט פאמיליעס לערך 800. 4500 מענטשן.

די שטאָט האָט זיך גערעכנט פון די פיינע שטעט. זעקס בתי־מדרשים זענען דאָרט געווען, א פיינע תלמוד־תורה, א ביקור חולים מיט א בית־מלון פאר דורכגייענדיקע אָרעמעלייט צו נעכטיקן. פיינע פיר שוחטים וואָס צוויי פון זיי, ר׳ אברהם און ר׳ יעקב זענען דערמאָרדעט געוואָרן פון די רוצחים ימ״ש. נאָבעלע פיינע בעלי־בתים, מען מעג באמת באקלאָגן אונזערע בעלי־מלאכות, צווישן זיי זענען געווען זייער פיל אָרענטלעכע און פיינע כמעט אלע שומרי שבת וד״ת. קצבים זענען געווען פיר. זייער אָרענטלעכע און פיינע בעלי־בתים מיט פיינע פאמיליעס. דאָרט איז געווען רב, הרב ר׳ אברהם יצחק גייסינסקי ע״ה, א תלמיד חכם און איז געווען א מעורב עם הבריות, און א חכם בדיני חובות בין איש לחברו.

דאָס אלעס וואָס איך קען זאָגן ביז דער צייט וואָס איך בין אָפּגעפאָרן אין 1913, ווערן רב אין פאגרעבישטש, קיעווער גובערניע, אויף דעם פלאץ פון מיין זיידען הרב ר׳ אברהם משה רייטער, וואָס איז געווען דאָרט רב 40 יאָר. איך בין געווען דאָרט רב ביז 1929 און השי״ת האָט מיר געהאָלפן ארויספאָרן בשלום קיין ניו־יאָרק, ווו איך געפין זיך ביז יעצט מיט מיין פאמיליע זאָלן געזונד זיין.

מיין געבורט־שטאָט איז אויך חרוב געוואָרן און בכלל אלע אוקראינישע שטעט און שטעטלעך. אוודאי אויב מען זאָל קענען אויסבויען אין ישראל שטעט אָדער קאָלאָניעס אויף די נעמען פון אונזערע טייערע און הייליקע שטעט, וואָלט דאָס אוודאי געווען א זכות פאר אונזערע טייערע ברידער און שוועסטער זיי זאָלן ניט פארגעסן ווערן. זיי זענען דאָך אומגעקומען על קידוש השם פון פעטליאָרע׳ן מיט זיינע באנדעס ביז היטלער׳ן אזוי ווייטער און א.וו. איך האָב איינגעטענהט ימ״ש. ווען מיר זאָלן קענען ארויסשרייבן אלעס וואָלטען אונזערע קינות געווען אנטקעגן אונזערע יסורים נישט צו באשרייבן.

מיר האָפן אז השי״ת וועט זיך מרחם זיין מיט א גאולה שלמה בקרוב.

פראָפ. מ. הייסינסקי
פאריזער אוניווערסיטעט, פראנקרייך

# מיט פופציק יאָר צוריק

סטאווישטש, טאראשטשע, זשאשקאוו, פיאַטער, טיטיעוו, שווארץ־טומאה... שטעט און שטעטעלעך, ווו מיר האָבן געלעבט, געלערנט, געארבעט, אָפט געליטן, אויך געפרייט זיך מיט אונזערע עלטערן, ברידער, שוועסטער, פריינד. בלייבט ביי מיר נאָר זכרונות, צום מיינסטן גרויע און טונקעלע, ווי ס'איז געווען דאָס גאנצע לעבן דאָרט, אָבער איך געדענק אויך ליכטיקע מאָמענטן און ליכטיקע געזיכטער, אזוי ווי איך וואָלט זיי נעכטן געזען און נעכטן איבערגעלעבט.

סטאווישטש... אָט איז די „מעין סטרוט״: א ברייטע גאס. פון איין זייט, פאר די בריק די גרויסע אפטייק, נאָכדעם מיין חבר בערל בעסידקי'ס הויז, א אפטיישנע קלייט, טאלנער קלויז, די פערדן־פאָסט מיט'ן ערשטן טעלעפאָן אין דער שטאָט, דער בית־המדרש, קלייטן, נאָך א אפטייטשנע קלייט, דער פריסטאוו און נאָכדעם די פריצישע שטאָט. א גאנץ אנדערע וועלט מיט א לאנגען, ברייטען בולוואר, מיט שיינע הייזער און גאָרטן, ווו יידישע מיידלעך און בחורים פלעגן שפאצירן שבת נאָך מיטאָג און קנאקען סעמעטשקעס. דאָס איז געווען א גאנץ אנדערע און פרעמדע שטאָט וועלכע האָט געהערט דעם גראף בראניצקין און דער פערוואלטונג פון זיינע גרויסע וועלדער און פעלדער, שטעט און קאפיטאלן. פון דעסטוועגען אז איך האָב בעזוכט אין די 30־טער יאָרן די בערימטע שלעסער פון דער פראנצויזישען לואַר (Chateaux de la Loire), און אז איך האָב געזען אז דער שלאָס אין דער שטאָט לוש געהערט אויך דעם זעלבן בראניצקין אָדער זיינע יורשים, האָב איך כמעט געוואָלט אריינגיין אין זיין הויז און זיך אויסשמועסן איבער סטאווישטש: וואָס הייסט, ס'איז דאָך א היימישער מענטש, ווי גרויס דער פוילישער פריץ זאָל נישט זיין...

מיר קערען זיך אום צוריק צו אונזער גרויסער יידישער גאס. פון דער צווייטער זייט איז געווען די פאָסט, מיין חבר יוסעל'ס הויז, א „גרויסע״, וויל זיין זיידע איז געווען א גרויסער סוחר פון אייער, וואָס ער פלעגט קויפן אָדער פארקויפן אין גאנץ קיעווער געגנד ביז וואָלאָטשיסק ביי דער עסטרייכער גרענעץ. נאָכדעם גייט די מאַקאַרעווער קלויז, דער מארק און ווידער קלייטען, קלייטען. פון אלע זייטן אנדערע גאסן און געסלעך, מיט אלטע, קליינע הייזלעך, אָבער מיט פיל בלאָטע, זייער פיל, כמעט א גאנץ יאָר. און אין די הייזער, ביי דער בלאָטע האָבן געלעבט עטלעכע נגידים און זייער פיעל אָרעמע בעלי מלאכות: שניידערס, שוסטערס, קליינע סוחרים, קצבים, טישלער, שוחטים, חזנים, שטריקעל־דרייערס, מלמדים.

טאקע מיין ערשטער געדאנק איבער ליכטיקע געזיכטער איז געווענדעט צו מיינע מלמדים, דאָס וואָס זיי האָבן מיר דאן געלערנט האָט גאָר ווייניק צו טאָן מיט דעם וואָס איך לערן יעצט. אנדערע תלמידים זענען דאָ אין פאריז, אָבער מכל מלמדי השכלתי. די תורה וואָס איך האָב געלערנט אין סטאווישטש צווישן דעם זיבעטן און פופצנטן יאָר פון מיין לעבן איז ניט אין גאנצן פערגעסן געוואָרן, און אפילו דאָס וואָס איך האָב יאָ

פערגעסן איז אויך ניט אינגאַנצן פערפאַלן געוואָ-
רן, ווייל גאָרניט פערלירט זיך ענטגילטיק אין
אונזער וועלט. אַלעס פערוואַנדלט זיך נאָר אין
נייע פאָרמען, און פריער אָדער שפּעטער געפינט
מען עס ווידער: שלח לחמך על פני המים...

צווישן מיינע לערערס געדענק איך בעזונדער
גוט רבי לייזערן און רבי לאָזערן. ביים ערשטן
האָב איך געלערנט תנ"ך, ביים צווייטן השכלה,
מאָדערנע העברעאיש. רבי לייזער פלעגט טראָגן
א לאנגע, ניט גאנץ ריינע קאַפּאָטע, זאָל ער מיר
מוחל זיין דאָרט אין גן-עדן, ווי איך בין זיכער,
אַז ער וווינט יעצט צוזאַמען מיט אַלע מיינע רבי'ס.
ער האָט געהאַט פיל קינדער און ווייניק פרנסה,
גענוג תלמידים אין א גאַנץ קליינע שטוב, אין
וועלכער זיין פרוי, די רביצען, פלעגט פליקן פע-
דערן כמעט ביים טיש, ביי וועלכן מיר פלעגן
לייענען און שרייבן. רבי לייזער האָט געהאַט ווייניק
געדולד צו זיינע תלמידים. ער פלעגט אָפט זיין
אויפגערעגט און נערוועז. אָבער איך בין זיכער אַז
קיינער אין סטאַווישטש האָט ניט געקענט תנ"ך
ווי רבי לייזער און קיינער האָט ניט געלערנט מיט
אַזאַ איבערגעבנהייט און מיט אַזאַ ליבע צו די
נביאים, און באַזונדער צו ישעיה. יושר, צדק און
שלום, די אידעאַלן וואָס דער נביא האָט אויס-
געדריקט מיט שטאַרקן פלאַם האָבן זעלטן געפו-
נען אַזאַ איבערגעצייגטן פּראָפּאַגאַנדיסט ווי רבי
לייזער.

גאַנץ אַנדערש איז געווען רבי לאָזער. ער
איז, זיכער, ניט געווען פיל רייכער פון זיין פריי-
ערדיקן קאָלעגע, אָבער ער איז געווען געקליי-
דעט ווי אַ משכיל; מיט אַ קורצן ריינעם ראָק,
מיט פענסנע, און מיר דאַכט זיך, די באָרד א ביסל
צוגעשוירן. רואיק און געלאַסן האָט ער אונז גע-
לערנט העברעיִשע דקדוק, געטענה'ט מיט אונז
איבער העברעאישער דיכטער, און די צייטונג
„הצפירה", וואָס ער האָט בעזונדערס ליב געהאַט
דוד פרישמאַן'ס שאַרפע און עלעגאַנטע פעליעטאָ-
נען און נחום סאָקאָלאָוו'ס פּאָליטישע אַנאַליזן.
אַמאָל פלעגט ער אונז דיקטירן שווערע העברעאי-
שע טעקסטן. אין אַלגעמיין פלעג איך שרייבן גאַנץ
ריכטיק. אָבער איינמאָל האָב איך געמאַכט אַ
פעלער ווי אַלע מיינע חברים, אחוץ רבי לאָזער'ס
אייגענע טאָכטער, די איינציגע מיידל וועלכע איז
געווען אין אונזער חדר...

אויב די געוועזענע חברטע לייענט צופעליק
די דאָזיקע שורות, קען איך זי פערזיכערן
אַז איך האָב אַלע מיינע יאָרן געהאַט דעם
גרעסטן כבוד פאַר איר וויסן און נאָך איצט
נויג איך זיך גאַנץ נידעריק פאַר איר.

אָבער פון אַלע מיינע סטאַווישטשער לערערס
האָט דעם גרעסטן איינדרוק אויף מיר, נאַטירלעך,
געמאַכט מיין זיידע, עליו השלום, הרב יצחק-
אברהם בן ישראל. איך זאָג „נאַטירלעך", ניט
ווייל ער איז געווען מיין זיידע, נאָר ווייל ער איז
געווען איינער פון די שטאַרקסטע פּערזענלעכ-
קייטן וועלכע איך האָב געקענט אין מיין לעבן,
און גלויבט מיר, אַז איך האָב שוין געהאַט געלע-
גענהייטן צו באַגעגענען ריכטיקע און אויך אַזוי-
גערופענע גרויסע מענטשן. אָבער אַ אייניקל קען
ניט זיין אַ עדות, וועל איך נאָר זאָגן, אַז דער
זיידע איז געווען מיין רבי פון גמרא און שולחן
ערוך. צום באַדויערן האָט ער געהאַט צו ווייניק
צייט פאַר מיר, און ער פלעגט מיך אָפט שיקן אין
סאָקאָליוועקער קלויז צו לערנען אַליין. ווי אַזוי און
וואָס איך האָב דאָרט געלערנט אין די לאַנגע
נאָכמיטאָגן איז שוין אַן אַנדערע געשיכטע, אַ
פערזענלעכע...

אין יעדן פאַל סאַקאַליוועקער קלויז האָב איך ניט פערגעסן, ווי איך האָב ניט פערגעסן די אַנ־דערע סטאַווישטשער בתי־מדרשים. אונזער ערד האָט פינף קאָנטינענטן, אָבער סטאַווישטש האָט געהאַט זעקס בתי־מדרשים: די גרויסע שול, דער בית־המדרש, טאַלנער, מאַקאַרעווער, סאַקאַליוו־קער און די ציוניסטישער קלויז. און אַזוי ווי יעדער קאָנטינענט איז אַנדערש פון צווייטן, אַזוי האָט יעדער בית־המדרש אין אונזער שטאָט גע־האַט זיין אייגענעם כאַראַקטער, זיין אייגן אַט־מאָספער, זיינע טיפּישע בעלי־בתים...

מען דאַרף ניט פאַרגעסן אַז אין מיינע יונגע יאָרן איז דער בית־המדרש אָדער די קלויז אין אַלגעמיין געווען ניט נאָר אַ בית־התפילה, ווו מען פלעגט קומען שנעל אָפּדאַוונען, נאָר ס׳איז געווען אויך אַ צענטער פון סאָציאַלן לעבן, קול־טור, און אפילו פון פּאָליטישן לעבן אין דער שטאָט. יידן פלעגן דאָרט פאַרברענגען לאַנגע שטונדן אין לערנען, שמועסן, וכוחים איבער פער־זענליכע געשעפטן, קהלישע ענינים, שטאָט־פּאָליטיק איבער בית־השחיטה, בית־המרחץ, רביים און שוחטים, חזנים און שמשים, און זיך אייפערן אין וועלט־פּאָליטיק: שלום און מלחמה, ציוניזם און בונדיזם, גלויבן און אפיקורסות, רעדן וועגן אינערלעכע לאַגע אין רוסלאַנד און אויב ס׳איז ניט געווען אַ ביילים־פּראָצעס, האָט מען שוין געהאַט צו רעדן איבער סטאָליפּין׳ס מאָרד אין קיעווער טעאַטער א.א.וו. א.א.וו.

אחוץ סאקאליוועקער האָב איך גוט געקאָנט די טאַלנער קלויז, ווי איך פלעג אָפט קומען לער־נען, אָדער שפּילן אין קוויטלעך מיט מיין חבר יוסעל וועלכען איך האָב שוין דערמאַנט. די טאַל־נער קלויז איז אפשר געווען די וויכטיקסטע אין סטאַווישטש. ס׳איז געווען די קלויז פון דער „אריסטאָקראַטיע״: מיוחסים, נגידים, רייכע און קלוגע סוחרים, פון גרויסע משפחות, „איידעלע״ מענער מיט שיינע בערד און זיידענע קאַפּאָטעס.

פון דער צווייטער זייט, די גרויסע שול איז געווען דעמאָקראַטיש, אפילו פּראָלעטאַריש, אָן אַ רב און אָן אַ רבי. אין דער ציוניסטישער קלויז זענען געווען אסך משכילים, מיט קורצע בערד, אמאָל אפילו געגאָלט, לעזערס פון דער „הצפירה״, אָדער „הזמן״, און פון דער ליבע־ראַלע רוסישע צייטונג „קיעווסקאיא מיסל״. פיל פון זיי האָבן געשיקט זייערע קינדער אין אַ מאָ־דערנע העברעישע שולע וועלכע האָט געהאַט אַלס לערער דעם דיכטער פוקסון און געשיקט אפילו אין דער רוסישער הויך־שולע.

אין אָנהויב פון איצטיקן יאָרהונדערט האָט מען געטראָפן אין סטאַווישטש פאַרשטייער פון אַלע פאַרשידענע ריכטונגען, פון פרומע חסידים וועלכע פלעגן כאַפּן שיריים ביים סקווערער, טאַל־נער, אָדער סאַקאַליוועקער רבי, ביז פרייע דענקער און צוקונפטיקע פּאָליטישע אָדער וויסענשאַפט־לעכע מענער און פרויען.

חוה גאָלדמאַן
חברון, קאָנעטיקוט.

# מיין זיידע, דער רב פון סטאַווישטש

סטאַווישטש, טאַראַשטשער אויעזד, קיעווער גובערניע, האָט באַלאַנגט צו אַ געוויסן פּוילישן גראַף בראַניצקי. דער גראַף אַליין האָט שטענדיק פאַרבראַכט אין אויסלאַנד, אָבער אין גראַפ׳ס פּאַלאַץ איז אַלעמאָל געווען זיין „אופּראַוולאַיוש־טשי" (פאַרוואַלטער), און זיינע משרתים, וואָס פלעגן אַכטונג געבען אויף דעם מאַיאָנטעק. די אַלע מענטשן פלעגען אַריינברענגען אַביסעל פּרנסה צו די שטעטלדיקע יידן.

ווי אין אַלע קליינע שטעט, איז אויך אין סטאַווישטש געווען אַ מאַרק אין מיטן שטאָט, וווּ עס האָבן זיך געפונען די קלייטן פון די יידישע קרעמערס. עס זענען געווען עטלעכע רייכע סוחרים פון מאַנופאַקטור, פון צעלניק און באַקאַליי, אָבער די מערהייט יידן האָבן געהאַט קליינע קלייטן און האָבן קוים פאַרדינט אויף אַן אָרימען לעבן.

די בעסטע געשעפטן האָבן געמאַכט די יידן, וואָס האָבן פאַרקויפט קאַלאָשן, ווייל אין סטאַווישטש איז דער שאָסיי נאָר געלאָפן אין מיטן שטאָט פון דעם טראַקטאַווע וועג ביז דעם גראַפסקי פּאַלאַץ, אָבער אין ביידע זייטן פון שאָסיי זענען געווען גרויסע בלאָטעס.

איך געדענק די גרויסע בלאָטע, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען לעבן מיין זיידן׳ס הויז ביי דער סאַקאַליוזקער שול, וווּ ער האָט געדאַווענט, און מען האָט געדאַרפט זיין אַן אַקראָבאַט אויף אַריבערצוגיין פון איין הויז צו דעם אַנדערן אויף די פאַרשידענע ברעטלעך און שטיינדלעך, אפילו מיט קאַלאָשן.

מיין זיידע ע"ה, הרב יצחק אברהם גאָסינסקי, איז געווען פערציג יאָר רב אין סטאַווישטש און איז געווען באַוווּסט אין גאַנצן געגנט מיט׳ן נאָמען פּיצי־אברהם דער רב.

פון מיין געבורטשטאָט טאַראַשטשע פלעגן גיין פורן מיט פערד יעדן טאָג פון סטאַווישטש קיין טאַראַשטשע און צוריק, און פון מיין פריס־טער יוגנט פלעג איך פאָרן אויף יעדער יום־טוב צו מיין זיידן קיין סטאַווישטש, און ווען איך פלעג קומען האָב איך דאָרט געטראָפן אַ פולע הויז מיט מענטשן. דאָס גאַנצע לעבן פון שטאָט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט ביי מיין זיידן אין הויז. אָט זענען געקומען מחותנים רעדן וועגן אַ חתונה; אָט איז זיך אַ פּאָר־פאָלק געקומען גט׳ן. אַנדערע פלעגן איינלייגן געלט ביים זיידן, ווען זיי האָבן געקויפט אַ הויז אָדער אַ קראָם. מערסטנס פלעגט מען קומען מיט דין־תורה׳ס. אַלס אַ קינד פלעג איך ליב האָבן צוקוקן ווי ווען ביידע צדדים זענען שוין געוואָרן מיד טענה׳דיק און שרייענדיק, פלעג מיין זיידע זיי געבן אַ פּאַטשיילע צו מקבל קנין זיין און זיי זאָגן: „אַז איר וועט פאָלגן, וועל איך אייך אַרויסגעבן מיין פּסק". אין אַלע שטאָטישע פּאַסירונגען האָט גענומען אָנטייל מיין זיידע דער רב. אפילו אַז עמיצער איז קראַנק געוואָרן מיט אַ קאָפּווייטיק פלעגט מען גיין אין אַפּטייק און קויפן פּיצי אברהם׳ס פּראָשיק.

זיין העלדישקייט און מסירת נפש פאַר זיין פאָלק האָט מיין זיידע אַרויסגעוויזן נאָך דער רעוואָלוציע אין 1918—1919, ווען איבער גאַנץ



הרב יצחק־אברהם ה״יסינסקי זצ״ל

אוקראַינע זענען פֿאָרגעקומען די שרעקלעכע פּאָגראָמען.

אין אָנפֿאַנג, ווען מען האָט געהערט, אַז אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך קומען פֿאָר פּאָגראָמען, האָט מיין זיידע אָרגאַניזירט די יידישע יונגעלייט פֿון סטאָווישטש זיי זאָלן ביי־נאַכט אַכטונג געבען, אַז די היימישע שקצים זאָלן ניט ראַבעווען. עס זענען געווען אייניקע יונגע־לייט, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין חשק אַרומ־צוגיין ביינאַכט, אָבער אַז זיי האָבן געזען, אַז דער אַלטער רב גייט אַרום, האָבן זיי זיך פֿאַר־שעמט און זענען מיטגעגאַנגען. אָבער ניט לאַנג האָט די היימישע יידישע וואַך געקאָנט איינהיטן די שטאָט. עס איז געקומען דער באַוווסטער כולי־גאַן זעליאָני מיט זיינע הונדערטער באַוואָפֿנטע זעלנער, און די שטאָט סטאַווישטש איז געוואָרן שוואַרץ פֿון זיי.

אַלע יידן האָבן זיך פֿאַרשלאָסן אין די הייזער און האָב מורא געהאַט אפילו אַ קוק צו טאָן אין דרויסן, אָבער מיין זיידע האָט, ניט קוקנדיק אויף דעם געוויין פֿון דער באָבען ע״ה און די קינדער,



זיך געלאָזט אויף קידוש השם גיין אין דרויסן, און ער איז גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן מיט זעליאָ־נאָווצעס און האָט זיך געהייסן פֿירן צום אַטאַמאַן. מיין זיידע האָט זיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר זעליאָני׳ן, אַז ער איז דער רב פֿון שטאָט, און אַזוי ווי די זעלנער זענען געסט, וויל ער זיי באַזאָרגן מיט שטיוועל, צוקער, זאַלץ און וועט זיי אויך געבען פֿיל געלט, מיט דעם תנאי, זיי זאָלן באַשיצן די שטאָט. און אַ נס איז געשען. דעם אַטאַמאַן איז געפֿעלן געוואָרן מיין זיידנ׳ס פֿאָרשלאַג, און מיט צוויי סאָלדאַטן איז מיין זיידע געגאַנגען פֿון הויז צו הויז און צוזאַמענגענומען אַלע זאַכן, וואָס ער האָט געדאַרפֿט פֿאַר די „טייערע געסט״. די פּאָג־ראָמשטשיקעס האָבן די מתנות צוגענומען און האָבן אַליין חוץ דעם גערעבעוועט, אָבער קיין צופֿיל מענטשן האָבן זיי ניט געהרגעט. דעם לעצטען טאָג, בעת זיי האָבן פֿאַרלאָזן די שטאָט, זענען געווען 8 געהרגעטע יידן, און דאָס האָט געהייסן גוט.

באַלד ווי די זעליאַנאָווצעס זענען אַוועק פֿון סטאַווישטש האָט מען געהערט, אַז עס קומט אין שטאָט אַן אַנדער באַנדע, נאָך אַ שרעקליכערע ווי די ערשטע, און אַזוי ווי מער קיין געלט און קיין אַנדערע ווערטפֿולע זאַכן זענען שוין אין שטאָט ניט געווען, האָט מען באַשלאָסן צו פֿאַר־לאָזן די שטאָט און אַלע יידן, יונג און אַלט, געזונטע און קראַנקע, האָבן זיך געלאָזט גיין צו פֿוס קיין וואָלאָדאַרקע, אַ דערבייאיק שטעטל.

איך גלויב, אַז עס איז איבעריק אויסצומאָלען דאָס בילד, ווי שרעקליך דאָס איז, אַז אַ גאַנצע שטאָט מיט מענטשן לאָזן זיך גיין, איבערלאָזנדיק די הייזער און אַלץ וואָס געפֿינט זיך דאָרטן, און מען קומט אין אַ צווייטן שטעטל, ווו עס איז אויך ניט בעסער די לאַגע. קומענדיק קיין וואָלאָדאַרקע,

האָבן די סטאָווישטשער יידן צו זייער גרויסן שרעק אויסגעפונען, אַז זעליאַני מיט זיינע סאָלדאַטן זענען אויך אין וואָלאָדאַרקע. דאַן איז מיין זיידע נאָכאַמאָל געגאַנגען צו זעליאַני׳ן און האָט ביי אים געפועלט ער זאָל אויך אין וואָלאָדאַרקע נעמען געלט, און אַלע סטאָווישטשער יידן זאָלן קענען גיין צוריק קיין סטאָווישטש.

דער בריק פון וואָלאָדאַרקע קיין סטאָווישטש איז געווען צעבראָכן. האָט מען אויף שנעל געמאַכט אַ בריקל און מיין זיידע איז געשטאַנען און געוואַרט ביז דער לעצטער סטאָווישטשער ייד איז דורכגעגאַנגען דאָס בריקל, און דערנאָך איז ער מיט זיין פאַמיליע אויך געגאַנגען אַהיים.

נאָך פיל ענלעכע איבערלעבונגען האָט זיך מיין זיידן מיט זיין פאַמיליע איינגעגעבן זיך ראַטעווען קיין רומעניע, דערנאָך איז ער אַוועק קיין לאָנדאָן, און אין יאָר 1928 איר ער געקומען קיין אַמעריקע.

אהרל, דאס אייניקעל פון אליהו שוחט

# מיין זיידע

ווען איך האָב אָנגעהויבן לייענען יידישע ליטעראַטור אין אמעריקע, האָב איך זיך אנגעטראָפן אויף ווערטער, ווערטלעך, ביי יידישע קלאַסיקער, איבערהויפּט ביי מענדעלען, שלום עליכם׳ן. די ווערטער זענען מיר מער ווי באַקאַנט געווען, ווייל איך האָב זיי געהערט שוין אין מיין קינדהייט פון מיין זיידן, רב אליהו שוחט, אָדער ווי מען פלעגט אים אין סטאָווישטש רופן, עליע וועלוול חאַוועס. מיין זיידע, זכרונו לברכה, האָט קיין יידישע ליטעראַטור ניט געליינט, אָבער איך בין זיכער אַז ווען ער וואָלט געבאָרן געוואָרן און געלעבט אונטער אַנדערע באַדינגונגען, וואָלט ער זיכער געוואָרן אַ גלענצענדער מאָלער, אָדער שרייבער.

זיין כוח פון דערציילן אַ מעשה אין פאַרבן, מאָלנדיק, ניט נאָר די פּערזאָנען פון דער מעשה, נאָר אויך די אומגעבונג, די נאַטור. אויב אין וואַלד, זענען ביי אים די ביימער, די קאָלירן אַזוי בולט, פאַרביק און לעבעדיק ארויסגעקומען. איבערהויפּט לעבעדיק געווירצט מיט פאָלקס־חכמה, מיט ווערטלעך, וואָס ווי פריער געזאָגט, איך האָב שפּעטער פיל באַגעגנט אין דער יידישער ליטעראַטור.

מיין ערשטע דעראינערונג פון מיין זיידן ע״ה — ווען איך בין אַלט געווען פינף יאָר.

איך געדענק ווי דער זיידע האָט מיך איינגעוויקלט אין אַ טלית און מיך געטראָגן צו יוסל זיאמעס לערנען אלף־בית, אויפן וועג האָט ער מיר דערציילט אַ וואונדער־מעשה, אָבער אַזוי שיין ווי ער האָט געקאָנט דערציילן...

— מיין קינד, — האָט ער אָנגעהויבן, — איך טראָג דיך איצט אָנהויבן לערנען תורה וואָס דו האָסט שוין פריער גוט געקענט, נאָך איידער דו ביסט געבוירן געוואָרן. אַ יעדער יידיש ייִנגעלע נאָך ביי זיין מאַמען אין בויך זיצט אַ מלאך און לערנט מיט אים תורה, מחמת תורה איז דער יסוד פון עם ישראל. נאָר אַזוי גיך ווי דער ייִנגעלע ווערט געבאָרן, גיט אים דער מלאך אַ שנאַל אונטער דער נאָז, און ער פאַרגעסט אַלץ וואָס ער האָט געלערנט. ווייזט אויס אַז מען וויל נישט



אליהו שוחט, זיין פרוי פייגה, און זייער טאָכטער פעסי

דאָרטן אויבן, אז אַ יידן זאָל עפּעס אָנקומען צו גרינג. גיי — זאָגט מען אים — לערן! לערן תורה, דאָס איז דיין באַרוף, נאָר אַזוי וועסטו זיך אונ־טערשיידן פון אנדערע פעלקער.

אז די מעשה זאָל קלינגען וואָס אמתער, ווייזט מיר דער זיידע אָן אויפן שניט אויף דער אויבער־שטער ליפּ, גלייך אונטער דער נאָז. — דאָס, — זאָגט ער, — איז דער סימן פון דעם שנאַל אין דער נאָז וואָס דער מלאך האָט געמאַכט.

די ערשטע מעשה פונם זיידן האָט מיך אָנ־גערעגט צו קומען צו אים אַלע פרייטיק צו נאַכטס, שבת אין דער פרי נאָך אויפן געלעגער פלעגט ער מיר דערציילן זיינע וווּנדער־מעשהס וואָס איך פלעג שלינגען ווי אַ דורשטיקער וואַסער.

פון אים האָב איך געירשנט די גרויסע ליבע צו אונזער גרויסער יידישע ליטעראַטור, צו איר בעלעטריסטיק און פּאָעזיע.

דער זיידע האָט אויך אַרויסגעוויזן גרויס ליבע צו מוזיק. זיין שטוב איז געווען נישט ווייט פון קאַטוילישן קלויסטער, און כאָטש ער איז געווען אַ פרומער ייד, ווי אַלע אין אונזער שטעטל, פלעגט ער אָבער מיך נעמען אַ זונטיק, אַזוי אַז קיינער זאָל נישט זען, מיר אַריינפירן צום אַריינגאַנג פון קלויסטער, איך זאָל הערן די מוזיק פון זייער אָרגל. ער האָט מיר בשעת מעשה געמאָלן ווי אַזוי די נביאים האָבן געזונגען און געשפּילט אין בית המקדש. דערציילט האָט ער מיר מיט אַזאַ באַגייסטערונג, מיט אַזעלכע קאָלירן, פונקט ווי ער וואָלט געווען דערביי.

באַלד טאַקע נאָך דעם פלעגט ער מיר פירן אין דער גראַפסטווע, מיר ווייזן די וווּנדערבאַרע אַלייען, די גערטנער, די בלומען, די פּאַוועס. און דאָס אַלץ באַגלייטן מיט שיינע מעשה׳ס. טייערער זיידע! איך קאָן דיר שוין איצט מיט קיין זאַך נישט אָפּדאַנקען פאַר די טייערע ווערטן וואָס דו האָסט אין מיר איינגעפלאַנצט צו מיין פאָלק און זיין ליטעראַטור, זאָלן אָט די עטלעכע ווערטער זיין אַ מצבה נאָך דיין ליכטיקן אָנדענק.

אהרן שוחט (ארטור שעכטער)

# מיינע עלטערן

דער טאַטע, מאיר, עליע־וועלוול חאַוועס, איז געווען דעם זיידן עליעס איינציקער זון. ער האָט שוין פאַרמאָגט אַנדערע שטריכן. מערער פּראָזאַישע, פּראַקטישערע און אויך אַ ביסל מערער מאָדערן.

פון מיינע קינדער־יאָרן זענען פאַרבליבן מיינע דעראינערונגען מער פון זיידן, ווי פון טאַטן.

דעם טאַטן האָב איך שוין מערער דערקאַנט אין אמעריקע ווען ער איז געקומען אין 21־טן יאָר און איז נפטר געוואָרן אין 1945. איך געדענק פון מיין קינדהייט אָן דעם טאַטן ווי דעם פאַרזאָרגער פון אַ משפחה, אַ ווייב מיט 7—8 קינדער, ניט קיין גרינגער עסק אין יענע יאָרן. צווייטנס, איך, דער בכור, צו וועמען מען האָט געקאָנט אויסלאָזן די זאָרגן און צרות וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין דעם שווערן דאַמאַלסדיקן לעבן. אָט למשל אַזעלכע טענות: מיט וועמען חברסטו זיך, וואָס וועט זיין פון דיר, ביסט שוין אַ בחור פון קיין עין הרע עלף יאָר, לערנסט ניט גוט, גייסט אַרום מיט חברים ניט פון דיין גלייכן — סיידן דיך מאַכן, חלילה, פאַר אַ בעל־מלאכה...

מיר האָט דווקא דער סטראַשוניק ניט געשראָקן, איך האָב געהאַט אַ ספּעציעלע שוואַכקייט, אַ ליבע צו אונזערע בעלי מלאכות, צו די שניידערס און די שניידער־מיידלעך. איבערהויפּט די שניידער־מיידלעך צו וועלכע איך פלעג גיין אָנשרייבן אַ בריוו צו טאַטעס אין אמעריקע, און אפשר צו געליבטע. פלעג איך שוין דאָרטן פאַרבלייבן שטונדן צוהערן זיך צו זייערע טרויעריקע לידער, אַזוי האַרציק געזונגען, וואָס אין באַלעבאַטישע הייזער האָט מען דאָס ניט געהערט.

פלעג איך טאַקע דאָרטן פאַרפאַלן ווערן אויף טעג גאַנצע. פאַרשטייט זיך אַז אויך פאַר דעם פלעג איך באַקומען מיין שכר פון טאַטן ע"ה. די גרעסטע צרות פלעג איך אָבער פאַרשאַפן דעם טאַטן דינסטיק, דער טאָג פון באַרימטן סטאָווישטשער יריד, ווי אַ מאַגנעט האָט מיך געצויגן צו דער פּאַנאָראַמע פון אַזוי פיל מענטשן, פּויערים מיט זייערע זין און טעכטער, מיט די פאַרביקע קליידער, מיט זייערע פערד, אָקסן, שאָף צו פאַרקויפן. די קאָלירפולע פּאַלאַטקעס מיט די געפאַרבטע פּראַניקעס (לעקעכער), און איבערהויפּט די בעטלער מיט די לירעס, וואָס האָבן געשפּילט מינאָרנע מעלאָדיעס וואָס האָבן געצופּט אַזש ביים האַרץ...

ווער האָט אין אַזאַ טאָג געקאָנט איינזיצן אין חדר און קוקן אויף דעם פאַרזאָרגטן רבין? מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער וויל אויך נעבעך אַ האַנדל טאָן איבערן מאַרק און פּטור ווערן כאָטש אויף אַ פּאָר שעה פון לערנען מיט יינגלעך, וואָס ווילן נעבעך ניט — נאָר מען צווינגט זיי צו דעם...

נאָכדעם ווי איך בין אַלט געוואָרן צוועלף יאָר האָט דער טאַטע באַשלאָסן אַז מער צאָלט ער נישט פאַר מיר קיין שכר־לימוד. אוודאי דערפאַר ווייל ער האָט נעבעך ניט געהאַט און עס זענען געווען זעקס קינדער אַחוץ מיר, יינגערע, וואָס מען האָט געמוזט צאָלן פאַר זיי.

איך וויל דאָ דערמאָנען אַ מעשהלע מיט אונזער רבּ, ר' יעקב־יוסף זכרונו לברכה: ער האָט געהאַט צוויי בחורים אין מיינע יאָרן, הערשל און מאָטי. הערשל איז געווען אַ לערנער אַ מתמיד. מאָטי איז געווען אַ בעל־חלומות, ווי איך, און



מאיר און חנה שוחט

נאַטירלעך אַ שוואַכער לערנער, און אַזוי ווי ער איז שוין אויך ניט געגאַנגען אין קיין חדר, האָבן מיר ביידע באַשלאָסן אַז מיר וועלן לערנען צו־זאַמען ביי אים אין שטוב. קומט איין מאָל אַריין דער רב און טרעפט מיך מיט מאָטין ביים טיש מיט אַ ספר, און פרעגט מיך: זאָג נאָר מיר בחורל, וואָס טוסטו דאָ? ענטפער איך: וואָס הייסט, איך לערן צוזאַמען מיט מאָטין. בעווייזט זיך אַ שמייכל אויף זיין פנים און זאָגט מיר: ניין, דו לערנסט ניט... ווען דו וואָלסט געוואָלט לערנען וואָלסטו געלערנט מיט הערשלען...

פון דעסטוועגן האָב איך אַ ביסל יאָ געלערנט. איך האָב אויך פאַרזוכט די גרויסע ליבע פון מיין ליבן טאַטן און פון דער מאַמען, ווען איך בין צו 14 יאָר אוועקגעפאָרן אַליין קיין אַמעריקע, ווייל איך האָב זיך איינגעשפּאַרט אַז איך וויל אַוועק אין דער גרויסער וועלט. וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן זייערע הייסע טרערן, וואָס האָבן מיך באַגלייט, דער ווּנטש פון „בלייב אַ ייד, מיין קינד, געדענק, אַז מיר דיינע עלטערן וואָס האָבן דיך דערצויגן אין יידישן גייסט, זע זאָלסט חלילה דעם פּאָדים ניט איבער רייסן!" מיר דאַכט, מיינע עלטערן, אַז דאָס האָב איך מקיים געווען...

איך וויל אויך דאָ דערמאָנען אַ פעטער וואָס איז דאָ אין דער רשימה פון די הרוגים וקדושים פון די פּאָגראָמען אין סטאַווישטש. דער פעטער שלום, שלום דעניס האָט מען אים גערופן אין סטאַווישטש. זיין שטוב איז געווען ביי געדאַלי־קעס טייך, שוין צווישן די גויים. האָבן זיך דאָרטן

— דערציילט מען — אויסבעהאַלטן יידן אַזוי לאַנג ביז ער איז נעבעך, דער פעטער, זייער קראַנק געוואָרן, און ווען אַלע יידן זענען שוין כמעט געווען אַנטלאָפן פון סטאַווישטש איז ער נאָך געבליבן.

אַ קליינע באַנדע באַנדיטן זענען אַריין צו אים אין שטוב און אים אָפּגעשניטן דעם קאָפּ. תנצב״ה.

ער האָט קיין קינדער ניט געהאַט, האָט ער טאַקע דערפאַר ליב געהאַט אַלע קינדער און באַזונדער אונז, זיינע פלימעניקעס, די מומע שיינדל, זיין פרוי, האָבן מיר געבראַכט קיין אַמעריקע ווו זי איז געקומען צו קבר ישראל אין באָסטאָן אין די 30-ער יאָרן.

וויל איך דאָ אויך דערמאָנען דעם טאַטנס געשוועסטער-קינד, שמחה שוחט, וואָס איז געווען אַזוי ענלעך צום טאַטן מיטן אויסזען, ווי זיי וואָלטן געווען ברידער, כאָטש פאַרשידן אין כאַראַקטער. זיין טאָכטער, איטע שוחט-ווייסמאַן, וואָס איז געשטאָרבן אין תל-אביב מיט אַ פיר יאָר צוריק, האָב איך זי נאָך פערציק יאָר געטראָפן אין 1949, און זי האָט מיך נאָך דעמלט אינספּירירט מיט איר חכמה און אינטעלעגענץ, ווי אויך איר אינטעלעגענטער מאַן, אים צו לאַנגע יאָר, דער העברעאישער שרייבער א. ווייסמאַן, דער רעדאַקטאָר פון אונזער בוך סטאַווישטש, מיט זייערע ליבע, טייערע קינדערלעך.

חוה גאָלדמאַן

חברון, קאַנטיקוט

# איך פאָר צום זיידן

דאָס האָט פּאַסירט מיט מיר ווען איך בין געווען נאָך גאָר אַ יונג מיידל, כמעט פופציק יאָר צוריק.

ווי באַוווּסט איז מיין ברודער משה, פּראָפעסאָר משה הייסינסקי אין מאַדאַם קיוריס לאַבאָראַטאָריע אין פאַריז, דערצויגן געוואָרן אין סטאַווישטש ביי מיין זיידן ע״ה הרב יצחק אברהם גאַייסינקע.

פלעג איך פון מיין געבורטשטאָט טאַראַשטשאַ אויף יעדן יום טוב פאָרן צו גאַסט צום זיידן און צו דער באָבע ע״ה קיין סטאַווישטש. געוויינלעך פלעג איך פאָרן מיט יונה דעם בעל-עגלה אין אַ אָפענער פור, איינגעשפּאַנט אין דריי גוטע פערד. איינמאָל ערב יום טוב ווי נאָר מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון טאַראַשטשאַ האָט אָנגעהויבן גיין פריער אַ קליינער רעגן, און דערנאָך האָט גערעגנט שטאַרקער און שטאַרקער. ס׳איז געוואָרן כמעט אַ מבול.

די פערד האָבן זיך אַלע מאָל אָפּגעשטעלט און ניט געוואָלט גיין ווייטער. כאָטש יונה האָט ניט געזשאַלעוועט די בייטש איז דער וואָגן אַלע מאָל געבליבן שטיין. די פערד האָבן ניט געזען דעם וועג צוליבן רעגן.

די רייזע נעמט געוויינלעך דריי שעה, אָבער דעמאָלט האָט זיך די רייזע פאַרצויגן ביי פינף שטונדן און ווען מיר זענען געקומען קיין סטאַווישטש איז שוין געווען פינסטער.

פון די יידישע הייזער האָבן אַרויסגעשיינט די יום-טובדיקע ליכט. אין שטעטל איז יום-טובדיק און אַלע בעלי-בתים זענען אין די שולן. און דאָ

האָט יונה דער בעל־עגלה געהאַט אַ פּראָבלעם, ווי אַזוי באַווייזט מען זיך יום־טוב אויף דער נאַכט ביי דער סאַקאַליוווקער קלויז מיטן וואָגן און ווי אַזוי וועל איך, אַ רב'ס אַן אייניקל, קומען צום זיידן מיט דער וואַליזע יום־טוב אָוונט?

אין יענע צייטן וואָלט קיינער ניט געוואַגט ארומפאָרן איבער דער שטאָט מיט אַ פערד און וואָגן שבת אָדער יום־טוב. האָב איך זיך דער־מאַנט, אַז מיינע אַ חברטע דבורקע סיגאַל וווינט אין אָנהויב שטאָט און יונה האָט מיך אַראָפּ־געלאָזט ניט ווייט פון די סיגאַלס.

ווען איך בין צוגעקומען צו דבורקעס הויז און האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר, האָבן זיי מיך מיט פריינדשאַפט אריינגענומען. זיי האָבן אַראָפּגענו־מען פון מיר די נאַסע קליידער און מיך ארויפגעצ־נומען אויפן אויוון, מיך איבערגעטאָן אין טרו־קענע זאַכן, געגעבן אַ יום־טובדיק מאָלצייט.

קיין טעלעפאָן איז אין יענע צייטן ניט געווען און ערשט אויף מאָרגן פרי ווען דבורקעס ברודער, דאַכט זיך מאָטעל סיגאַל, איז געגאַנגען אין שול דאַוונען האָט ער דערציילט אַז צוליבן רעגן האָב איך זיך אָפּגעשטעלט נעכטיקן ביי זיין מוטער אין הויז, איז עמיצער געקומען און האָט מיך גענומען צו מיין זיידן און באָבען אויף יום־טוב.

אויב עמיצער פון די סיגאַלס וועט לייענען די דאָזיקע שורות, וויל איך, זיי זאָלן וויסן אַז איך בין זייער דאַנקבאַר פאַר זייער פריינדשאַפט.

עטלעכע טעג זייענדיק ביי מיין זיידן אין הויז, בין איך נאָך געווען איבערגעשראָקן פון מיין רייזע, אָבער אַזוי ווי ס'איז גראָד געווען דער יום־טוב סוכות, איז די שרעק איבערגעגאַנגען אין פרייד און פאַרגעניגען פון יום־טוב.

יעדן פרימאָרגן פלעגט יוסעל דער שמש, ברענגען דעם אתרוג מיטן לולב צו בענטשן. די גאַנצע וואָך האָט מען געגעסן אין סוכה און ווען ס'איז געקומען שמחת תורה זענען מיר געגאַנגען אין סאַקאַליוווקער קלויז, געדאַווענט, געגאַנגען מיט הקפות, געזונגען און געטאַנצט. ערשט שמחת־תורה ביי־טאָג זענען אַלע בעלי־בתים פון סאַקאַליוווקער קלויז געקומען צו מיין זיידן אין הויז, מ'האָט פריער געמאַכט קידוש און דערנאָך האָט די באָבע ע"ה דערלאַנגט יום־טוב־דיקע מאכלים. מען האָט געזונגען און געטאַנצט אָן אַ אויפהער.

אַ פּאָר נעמען פון מיין זיידנס פריינט געדענק איך, ווי יעקל הערש ראובנס, מעכל עלושעס, די אַלאַנאַוווסקעס און פיל אַנדערע וואָס איך קען זיך ניט דערמאָנען. יאָ, איך געדענק דעם אַלטען חזן, דאַכט זיך יעקב־ישראל, אַז ער פלעגט אָנהויבן זינגען פלעגט ער גלייך אָנהויבן הוסטן. עס האָט גענומען לאַנג איידער ער איז צו זיך געקומען און האָט נאָך אַמאָל אָנגעהויבן זינגען.

אַז איך טראַכט פון יענע אַמאָליקע יאָרן פיל איך אַז ס'איז אַוועק אַ שטיק יידיש לעבן, מיט יידישער טראַדיציע. ס'וועט נעמען לאַנג ביז די אַמעריקאַנער יידן וועלן זיך אומקערן צוריק צו אַמאָליקע יידישקייט. לאָמיר האָפן אַז מען וועט זיך גיך אומקערן צוריק, ווייל אָן יידישקייט, אָן יידישע שמחות איז דאָס לעבן פוסט.

ישראל רובין
ניו־יאָרק

# דערינערונגען



מיין נאָמען אין סטאָווישטש איז געווען ישראליק ראבטשאנסקיע, יהושע׳קע דעם קצב׳ס זון, איך בין געווען אַן אפטייקער און געהאט אַן אפטייק־סקלאד.

איך באשרייב דאָ די עפּאָכע פון ערשטן וועלט־קריג און באַלד נאָכדעם די רוסישע רעוואָלוציע. איך האָב געעפנט מיין געשעפט אין סאמע מיטן וועלט־קריג אין א נייער געביידע ביי מרדכי טעטיעווסקיע, משה טעטיעווסקים זון פון איינפאר, אין צענטער פון שטאָט. די געביידע איז באשטאנען פון צוויי שטאָק, אונטן האָט געוווינט ניסן אייזענשטיין מיט זיין פרוי טאָבל, אַ איידעם פון פנחס שפּאלסקי, וועלכער האָט געהאט א טאבאטשנע קלייט טאקע דאָ ווי ער האָט געוווינט. אויפן צווייטן שטאָק האָב איך געוווינט און געהאט מיין געשעפט.

מרדכי טעטיעווסקיע האָט געהאט א שוואָגער, פייוועל פאָליאק, וועלכער האָט געוווינט אין דער דערבייאיקער הויז אין איינפאָר. ווען ניסן אייזנשטיין, פייוועל פאָליאק און מיינער א ברודער פייוועל זענען גערופן געוואָרן אין מיליטער־דינסט, האָבן אלע דריי באשלאָסן זיך ניט צו שטעלן צום מיליטער־דינסט.

יענע צייט איז געווען א געפערלעכע. די מערהייט וואס זענען אוועק געגאנגען אין דער קריג זענען שוין צוריק ניט געקומען, אָדער זייער א קליינע טייל האָבן זיך אומגעקערט קראנקע און פארקריפּלטע.

דעריבער האבן אלע דריי באשלאָסן זיך אויסבאהאלטן ווי לאנג זיי וועלן קענען און אָט וואָס זיי האָבן געטאָן:

אונטער דער געביידע האָבן זיי אויסגעגראָבן א גרוב און געמאכט א צימער, דער אריינגאנג איז געווען דורך די פענסטער פון יעדנס וווינונג, און ווען עס פלעגט ווערן א בהלה אין שטאָט אז מען וועט גיין זוכן, פלעגן זיי אריין אין גרוב און זיין דאָרטן ביז די זיכונג איז פארייבער, דאן האָבן זיי זיך צוריק געקערט יעדערער אין זיין וווינונג. מיין ברודער פייוועל פלעגט זיין ביי מיר אין הויז.

די אבלאוועס און זוכענגען פלעגן פאָרקומען זייער אָפט. מאנכעס מאָל פלעגן ארונטער קומען ספּעציעלע אָטריאַדן פון טאראשטשער קרייז (אויעזד) צו זוכן די רעקרוטן און יעדן מאָל פלעגן זיי געפינען 40—50 יונגעלייט און פלעגן אויך מיט נעמען די מענטשן ביי וועמען זיי האָבן זיך אויסבאהאלטן. זיי פלעגן צו אונז אויך קומען זוכן, צום גליק האָבן זיי ביי אונז קיין מאָל קיינעם ניט געפונען. עס האָט אזוי אנגעהאלטן 18 מאָנאטן, ביז מאָנאט אווגוסט 1917 ווען עס איז פאָרגעקומען די רוסישע רעוואָלוציע. איך געדענק איינמאָל א שמחת־תורה אָוונט איז געוואָרן א טרעוואָגע, אז דער איספראווניק פון אויעזד אליין איז געקומען פון טאראשטשע מיט איבער 100



יוסף רובין (ראבטשאנסקיע) מיט זיין פאַמיליע: אונטען אין מיטען: יהושע מיט זיין פרוי איזיע; אויבן רעכטס: אברהם; אויבן לינקס: בנימין; אונטען רעכטס: שלמה; אַונטען לינקס: משה.
יוסף רובטשינסקיע מיט זיין פרוי בתיה זענען אומגעקומען פון דער באנדע רוצחים „זעליאנעווצעס" אין 1920.

סטאראסטעס און סטארשינאס צו מאכן אָן אב־לאווע. זיי זענען געגאנגען פון הויז צו הויז א גאנצע נאכט און דעם צווייטן האלבן טאָג, זיי האָבן ארעסטירט 75—80 מענטשן. די גאנצע צייט וואָס זיי זענען געווען אין שטאָט האָט געהערשט א מורא און א פחד, קיינער האָט ניט געוואָלט ארויס גיין אין גאס, ביז זיי זענען צוריק אוועק געפאָרן.

נאָך דער רעוואָלוציע־איבערקערעניש האָבן אונזערע דריי אויסבאהאלטענע באשלאָסן זיך צושטעלן אין דער ארמיי, זיי זענען דאָרט געווען א קורצע צייט און בשלום זיך אומגעקערט אהיים

פריי. עס האָט זיך אָבער אָנגעפאנגען נייע צרות, צרות פון דער מאַכט, און פון די באנדעס וועלכע האָבן זיך אלע מאָל געביטן.

ביי יעדער מאָל וואָס די מאכט האָט זיך גע־ביטן, אָדער אָן אנדער באנדע איז אריין אין שטאָט, האָבן זיי איבער געלאָזט א חורבן, רויבע־רייען, גזלות, שרפות און פיל קרבנות. פריער די דייטשן, דערנאָך די פעטליוראָווצעס, דעניקינ־צעס, זעלאנאָווצעס, גרעגאראווצעס און די באָל־שעוויקעס.

קארגע צוויי יאָר איז קיין שלום ושלוה ניט געווען, קיין איין גוטן טאָג ניט געהאט. עס איז

געקומען דערצו אז אין אַ שיינעם טאָג האָט אונ־
זערע פאמיליע באשלאָסן איבער לאָזן אלעס, די
געשעפטן, הייזער, האָב און גוטס און ארויס
פאָרן קיין שווארץ־טומאה (שדה־לבן, אָדער ווי
עס הייסט אין רוסיש בעלאָיא־צערקאָוו). איך בין
געווען מיט מיין פאמיליע, מיינע עלטערן און
קינדער אין שווארץ־טומאה זייער א קורצע צייט.
איך בין ארויס געפאָרן קיין קיעוו, געוווינט אויף
באלשאי פאדוואלניע און ־געארבעט אלס אפטיי־
קער אין א באָלשעוויסטישן אפטייק אין לאקיא־
נאווסקער טורמע. אזוי איז אריבער כמעט א יאָר
צייט. באקומענדיק עטלעכע טעג פרייע בין איך
צוגעפאָרן קיין שווארץ־טומאה זיך זען מיט מיינע
עלטערן. מיר האָבן זיך דורכגעשמועסט, גוט בא־
טראכט און באשלאָסען אוועק פאָרן קיין אמע־
ריקע, דאָס איז געווען מאי 1919.

מיר זענען געווען פיר פאמיליעס, מיינע על־
טערן מיט די קינדער, צוויי אנקעלס מיט זייערע
פאמיליעס און איך מיט מיין פאמיליע. עס טוט
זיך ניט אזוי שנעל ווי עס רעדט זיך איך בין דער־
וויייל אוועק געפאָרן צוריק קיין קיעוו. איך האָב
זיך מיט זיי אָפגערעדט אז ווען זיי וועלן זיין
פארטיק זאָלן זיי מיר לאָזן וויסן וועל איך קומען
און מיר וועלן צוזאמען אָפפאָרן צו דער רומעני־
שער גרענעץ.

עס האָט ניט גענומען לאנג און זיי האָבן מיר
געלאָזט וויסן אז זיי זענען גרייט אפצופאָרן אין
א געוויסן טאָג. איך פון מיין זייט האָב געקראָגן
א מאָנאט וואקאציע. איך האָב זיך צוגעגרייט און
איך בין אהינגעפאָרן צו זיי. ניט פארלירנדיק קיין
צייט זענען מיר באלד אפגעפארן קיין זעגיוועקע,
א קליין שטעטל ביי דער בעסאראבישער גרענעץ
אין רומעניע.

מיר האָבן ניט געהאט דעם גליק איבערצו־
גיין דעם גרענעץ צוזאמען. יעדער פאמיליע בא־
זונדער איז אריבער דעם גרענעץ. פריער די יינ־
גערע קינדער, נאָכדעם די עלטערע פון די פא־
מיליעס. אין משך פון 8 מאָנאטן זענען מיר אלע
געווען אין קעשעניעוו, בעסעראביע, וועלכע האָט
שוין באלאנגט צו רומעניע.

מיר האָבן זיך געסטארעט צו קריגן געלט און
פאפירן פון אמעריקע. אין קעשעניאָוו האָבן אונ־
זערע פאמיליעס זיך גוט איינגעאָרדנט יעדערער
אין זיין פאך און געמאכט א שיין לעבן. איך האָב
די ערשטע דריי מאָנאטן געארבעט אין אוקראי־
נער־קאָמיטעט, דערנאָך האָב איך א יאָר צייט גע־
ארבעט אין א אפטייק און נאָכער האָב איך גע־
ארבעט 15 מאָנאטן אין א הורט־גאלאנטערעי־
געשעפט אלס קאסירער און בוכהאלטער. מיר
זענען געווען אין רומעניע צוויי און א האלב יאָר.
די לעצטע דריי מאָנאטן האבן מיר פארבראכט
אין בוקארעסט, רומעניע, ווארטנדיק אויף אונ־
זערע וויזעס און נויטיקע פאפירן און געלט.

קיין אמעריקע זענען מיר נישט געפאָרן אלע
צוזאמען, ווער עס האָט פריער געקריגן די וויזעס
איז גלייך אפגעפאָרן, ניט ווארטנדיק אויפן אנ־
דערן. אין א משך פון פיר מאָנאטען זענען מיר
אלע פאמיליעס געקומען בשלום קיין אמריקע.
מיינע עלטערן זענען געווען פון די לעצטע, דאָס
איז געווען נאָכן יאָר 1923 איז די קוואטא געווען
פארפולט און די טירן פאר רוסישע עמיגראנטן
זענען געשלאָסן געוואָרן.

אין אמעריקע האָבן מיר זיך אָלע פיין אנגע־
אָרדנט, אלע מאכן א לעבן און מיר דאנקען דעם
רבש"ע, וואָס האָט אונז דאמאלט אריינגעגעבן
דעם געדאנק ארויסצורייסן זיך פון די באָלשע־
וויסטישע נעגל און פון די פארפלוכטע רוסישע
מערדערס אונטער דעם אייזערנעם פאָרהאנג.

מ. גאַלאַנט
ניו־יארק

# דער וועג פון סטאווישטש קיין אמעריקע



סטאווישטש, קיעוו גוב., וווּ איך האָב א טייל פון מיין לעבן פארבראכט, איז פון דער נאַטור געבענטשט מיט אַ אויסערגעווענלעכער פּאַנאָראַמע: פון אלע זייטן איז די שטאָט ארומגענומען מיט הויכע בערג, ביימער און טייכן. אלע אריינגענג אין שטאָט גרויסן זיך מיט 100־יאָריקע סאָסנעס און טאָפּאָלעס — מערסטנס פון דער זייט, פון דער גראפסטווע (סטאווישטש האָט באלאנגט צו גראף בראניצקי).

מען ווערט ממש פארכישופט פון דער לופט און שיינקייט פון די פּאַלאַצען, גערטנער מיט אַלייען און מיט בלומען. אונטער די געדיכטע ביימער זענען געשטאַנען לאַנגע ברייטע בענק, די איינוווינער פלעגן פארברענגען שבת, יום־טוב און אין די זומער־אָוונטן און איינגעאָטעמט די פרישער לופט. דאָס שטעטל איז געווען שמוציק, קיין גאסן־קערער זענען ניט געווען. דער ווינט האָט געטראָגן דעם שטויב אין דער לופט. נאָר גרויסע רעגנס פלעגן אָפּשווענקען און אביסל ריינמאכן די ענגע געסלעך און די גרויסע ליידיקע פּלעצער.

סטאווישטש האָט פארמאָגט א גרויסע צאָל סוחרים, מערסטן ברויט־הענדלער, וויניקער בעלי־מלאכה׳ס און א היפּש ביסל בעלי־עגלה׳ס, ווייל די שטאָט איז געווען ווייט פון א באַנסטאציע, ווייט פון דער אויעזדנער שטאָט טאראַשטשע און 18—20 וויאָרסט פון זאשקאָווער צוקער־פאבריק, מיט וועלכער זי האָט געהאַט גרויסע קאָמערציעלע פארבינדונגען. עס האָבן ביי אונז אויך ניט געפעלט קיין ליידיק־גייערס מיט שטעקעלעך אין די הענט, וועלכע האָבן געזוכט א פארדינסטל פון מעקלעריי.

סטאווישטש איז געווען דער צענטער פון גראף בראניצקים מאיאנטעקס און דאָ האָבן געוווינט אסך באַאמטע, פּאַליאַקן, וועלכע זענען געווען גוטע קונים אין די יידישע קראָמען. אָבער אין דער לעצטער צייט האָט מען פון דער גראפסטווע געעפנט א קאָאָפּעראטיווע קלייט, אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב, און דער יידישער מסחר האָט דערפון געליטן.

אָבער סטאווישטשער יידן זענען ניט געווען קיין פּעסימיסטן: כאָטש ווייט פון רייך, נאָר שטענדיק לעבעדיק און פריילעך.

סטאווישטש האָט געהאַט א שם מיט אירע גריוון. „סטאווישטשער גריוון", האָבן געהאַט א שם איבער אלע אַרומיקע שטעטלעך.

אין קולטור־לעבן האָט סטאווישטש קיין אָרט ניט פארנומען; די מענטשן זענען געווען פרום

ביז פאַנאַטיש. אין דעם גייסט האָט מען דער־צויגן קינדער. אַ גרויסע ראָלע האָט דאָ געשפּילט דער חדר. פריער דער דרדקי־מלמד, און נאָך 2—3 יאָר ביי אַ מלמד פון העכערע לימודים, אָבער אין דעם זעלבן גייסט. אנדערש איז געווען אין חדר ביי שמואל קרענצעל, ביי „שמואל דעם מלמד". שמואל איז ניט געווען קיין אָרטאָדאָקס, ער האָט געפירט די לימודים אויף אַ מאָדערנעם אופן. אין זיין חדר פלעגט יעדן טאָג קומען אַ לערער אויף 2—3 שטונדן לערנען רוסישע לימו־דים. אַ צייט איז געווען סיגאַל, אָדער — דער שרייבער פון די שורות.

אין סטאַווישטש זענען אויך געווען צוויי באַ־רימטע מאָדערנע מלמדים: ישראל צינים (הייַנט אין ישראל) און לאָזער יאַרמאַלינסקי; ביי זיי האָט מען שוין אָנגעטראָפן תלמידים פון 12—13 יאָר און אַזעלכע בחורים מיט אַ היפּשן וויסן און מיט גאָר אַנאַנדער קוק אויף דער וועלט.

ווי איך געדענק, האָט אין סטאַווישטש אויף דעם הויכן באַרג, ביים וויטראַק, אופן וועג קיין זשאַשקאָוו, עקזיסטירט אַ רוסישע שקאָלע פון 4 קלאַסן (אָן שפּראַכן) גימנאַזיאום, דער אַריינטריט פאַר יידישע קינדער דאָרט איז געווען פאַרבאָטן. פון יאָר 1909 האָט מען שוין צוגעלאָזט יידישע קינדער צום עקזאַמען. איך האָב צוגעגרייט 9 קינדער, 8 האָבן דעם עקזאַמען אויסגעהאַלטן, און פון יענער צייט האָבן דאָרט אָן שום פּראָצענטנע נאָרמע געלערנט יידישע קינדער.

ביי ראובן יאַגובסקי האָט עקזיסטירט אַ „בענקל", וועלכע אַ גרופּע סוחרים האָבן געגרינ־דעט כדי אַרויסצוהעלפן מיט אַ הלוואה נויט־באַדערפטיקע. שפּעטער האָבן זיי באַקומען פון דער רעגירונג אַן ערלויבעניש צו עפענען אַ לעגאַלע „קרעדיט־קאַסע", אונטער דער אָנפירונג

פון אפרים מאָזער, אַ מענטש וועמען יעדער איי־נער אין שטאָט האָט רעספּעקטירט.

איך געדענק נאָך, ווען אין סטאַווישטש איז ניט געווען ניט קיין פּאָסט און ניט קיין טעלעגראַף. דאַמאָלס פלעגט דער יידישער סאַטסקי — מענדל דער קרימער, אַמאָל ברענגען צו אַן איינוווינער אַ בריוו. אין אַ צייט שפּעטער האָט זיך אין סטאַווישטש געעפנט אַ פּאָסט און טעלעגראַף ביי אהרן דוואדואק אין הויז, דערנאָך איז די פּאָסט אריבער אין אַ גרעסער הויז צו מרדכי סוקאַניק, — און סטאַווישטש האָט אויפגעלעבט. עס האָט זיך באַוויזן אויף דער גאַס אַ „אָשטאַל־יאַק" (אַ בריוו־טרעגער) מיט אַ פּאַק בריוו, אָפּ־געשטעלט מענטשן אין גאַס און געפרעגט ווו וווינט דאָ דער, אָדער יענער? אָבער די געסלעך זענען ביי אונז סיווי געווען אָן נעמען און די הייזער נישט נומערירט, אָבער דאָך האָט דער איינציקער בריוו־טרעגער געוווּסט ווו יעדער אַד־רעסאַט וווינט.

די שטאָט האָט אויפגעלעבט: מענטשן האָבן אָנגעפאַנגען אַבאָנירן צייטונגען, און אונזער שטעטל האָט געפירט קאָרעספּאָנדענץ.

ווען אין רוסלאַנד האָט זיך אָנגעפאַנגען די ציוניסטישע באַוועגונג זענען אונזערע איינוווינער געוואָרן פיל וועלטלעכער. איך געדענק ניט, ווער איז ביי אונז געווען דער גרינדער פון די ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע אין סטאַווישטש, וואָס האָט זיך געגרינדעט און האָבן אויסגעבויט די „ציוניס־טישע קלויז".

סטאַווישטשער יידן האָבן געלעבט שטיל און פריינדלעך און שטענדיק געהאָפט אויף בעסערע צייטן. ביז ס'איז געקומען די רוסישע רעוואָ־לוציע, — און גרויס איז געווען אונזער פרייד. אָבער ניט לאַנג האָט די פרייד געדויערט. באַלד

האָבן זיך אָנגעהויבן איבער גאַנץ אוקראַינע פּאָגראָמען אויף יידן, און די ווילדע באַנדעס האָבן אויך ניט אויסגעמיטן אונזער סטאַווישטש: יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן; מען האָט גע־הרגעט יונג און אלט, בארויבט זייער פארמעגן, און סטאַווישטשער יידן, ווי אין אלע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך געלאָזט לויפן אין אלע עקן פון דער וועלט.

איר ווייסט דאָך אז סטאַווישטש האָט באַלאנגט צו גראף בראניצקי, אלע יידישע הייזער זענען געשטאנען אויף זיין ערד, און מיר האָבן דערפאר געצאָלט צינזן, אָבער אויב עמיצער האָט צוליב היגיענישע־צוועקן געוואָלט עפּעס צובויען, האָט אים די גראפסטווע ניט ערלויבט, ווייל דאָס איז קעגן דעם קאָנטראקט.

מיר, יידן, האָבן בכלל פון דעם גראף גאָרניט גענאָסן. קיין יידן־באאמטע זענען ניט געווען. אמאָל זענען דאָרט געווען באאמטע לייזער רובטשינסקי, — און א פאמיליע שקאָד, אַן אלטער מאן מיט צווי זין זענען געווען אָנגעשטעלט אין גוראלני, ווו מ'האָט געמאכט בראָנפן. דערנאָך האָט מען רובטשינסקען מיט די דריי מענטשן שקאָד אָפּגעזאָגט. בלויז אין דער גראפסטווע זענען צוויי יידן פארבליבן: אייזיק לאנדא און שמואל פאסטרעלקע, איין איינבינדער.

ווי זאָגט אַ ווערטל: „אז מ'דארף דעם גנב, — שניידט מען אים פון שטריק". און טאָמער האָט מען פון דער גראפסטווע אַמאָל אריינגעשטעלט אין ווייבערישן בית־המדרש אַ קעסעל און אַ גוי פלעג יעדן שבת־פארטאָג קומען אָנהייצן מיר זאָלן האָבן פרישע טיי, — האָט דאָס אויך עקזיסטירט נאָר עטלעכע מאָנאטן.

ווער פון אונזערע לאנדסלייט געדענקט ניט מענדל־בער מיט זיין קאפּעלע, וואָס פלעגט אונז משמח זיין אויף אונזערע חתונות זומער אין די הילצערנע שאלאשן, די מחותנים פלעגן טאנצן אויף דעם זאמד. האָט פּאסירט, אז מענדל־בער פארלאָזט סטאַווישטש; די קאפּעלע קאָן צווישן זיך ניט מאכן שלום, צעפאלט זיך אויף צוויי טיילן. איין צד מיט א באַרימטן פידל־שפּילער פון סקווירע. גאדזענקע, און זיי באקומען טאקע די אויבערהאנד. צווישן ביידע צדדים זענען פאָרגעקומען צוזאמענשטויסן ביי יעדער באגעגעניש. אמאָל, געדענק איך, אַ חנוכה, מיין מוטער ע"ה האָט מיך דאַן געבעטן זיך שטעלן דאווענען, און ניט פארגעסן זאָגן „על הנסים". ווען איך בין פארטיק געוואָרן, בין איך ארויסגעגאנגען אין גאַס. און איך האָב דערהערט שרעקלעכע קולות. איך לויף צום אָרט פון די געשרייען, און וואָס האָט פּאסירט? ביידע צדדים פון דער קאפּעלע, וואָס פלעגן אונז שטענדיק פריילעך מאכן, האַלטן איצט גאָר מלחמה צווישן זיך: עס פליען פּעטש, מען קלאפּט זיך מיט שטעקענס, עס איז שוין ניט פריילעך פון זייער שפּיל. די פּאָליציי האָט אלע שלעגער ארעסטירט, ווייזט־אויס. אונזער „כאַלאדנע" איז געווען פאר זיי צו ענג, — האָט מען זיי אלעמען באַפרייט.

## ס ע נ ע ס א צ י ע ס

אַ גרויסע סענסאַציע אין סטאַווישטש אין מיין צייט האָט ארויסגערופן **נחמה קליינמאַן,** אַן אדוואָקאַטס אַ טאָכטער, אַ גראציאָזע שיין מיידל. נחמה האָט זיך פארליבט אין א קלעזמער. אירע עלטערן זענען, פארשטייט זיך, געווען קעגן דעם, און נחמה האָט געליטן פון דעם, ביז איינמאָל אין דער פרי איז זי מיט איר געליבטן אנטלאָפן. מען האָט זיי נאָכגעיאָגט, און נישט געפונען. דער געליבטער האָט

זי געבראַכט צו זיינע עלטערן, געשטעלט אַ חופּה, און אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

די צווייטע סענסאַציע קומט פון מיינעם גאָר אַ נאָענטן פריינד, [redacted] ער האָט, ווייזט־אויס, קיין שיין מיידל ניט געקאָנט געפינען, איז ביי אים גוט־געווען אַ שיין ווייבל, אַ מוטער פון צוויי קינדער. ווען דער געליטענער מאַן איז געוואָר־געוואָרן, איז ער מיט [redacted] דורכגעקומען: ער האָט אים אַוועקגעגעבן זיין פרוי מיט אַ קינד — אַ ייִנגעלע וואָס האָט באַלאַנגט צו [redacted] און זיך גענומען זיינע צוויי קינדער. משה, האָט געפירט פּאַסאַזשירן קיין טאַראַשטשע, מען האָט אים גערופן „דער גהינום". דער וואָס איז געפאָרן קיין זשאַשקאָוו — האָט געהייסן אברהם'קע, נאָר גערופן האָט מען אים „עולם־הבא". צווישן דער גרויסער צאָל בעלי־עגלה'ס וואָס פלעגן פאָרן קיין ביאַלע־צערקאָוו („שוואַרץ־טומאה") איז געווען איינער וואָס מ'האָט גערופן „משה קישקע". אָבער צווישן זיי איז געווען נאָך איינער אָן אַ צונאָמען, אָבער גאַנץ סטאַווישטש, קליין און גרויס, האָבן אים געקענט, דאָס איז געווען יאַנקל (יעקב) דאַנצים. ווי נאָר ער איז צוגעקומען צו דער בירזשע האָט זיין קול געהילכט, און יעדער האָט געוווּסט אַז דאָס קול איז פון יענקל דאַנצים. דאָס איז געווען, ווי האָט שלום־עליכם געזאָגט: „עס איז שוין געווען איין מאָל אַ יאַנקל דאַנצים". פון קיין שום מעשים טובים זיינע האָט קיינער אין שטאָט ניט געהערט, אָבער אָפּטמאָל פלעגט מאַן אים פירען „מיטן עטאַפּ" פון סטאַווישטש קיין טאַראַשטשע. זיינע באַגלייטער פלעגן זיך בייטן אין דאָרף יאַסינאָווקע, ווו מיין פרויס עלטערן האָבן געוווינט. זיי פלעגן אים געבן עפּעס צובייסן ער זאָל האָבן כוח ווייטער צו שפּאַנען.

## ט י פּ ן

**ליב טרעמביצקי**, אַ באַרימטער פּראָפעסאָר, מעדיצינער.

אין אַמעריקע איז מען זיך נוהג צו זאָגן „דו", נישט „איר". טרעמביצקי פלעגט שטענדיק זאָגן „מיר" — ווייזט אויס ער האָט אין קעשענע פאַרמאָגט אַסך דאָקטוירים. איינמאָל האָבן גאַראַך און מילעווסקי (דאָקטוירים) זיך פאַרקלאָגט פאַר אים, אַז זיי זענען נישט געזונט, — האָט ער זיי געענטפערט — „געזונט זוך אין שיסל".

*

עס איז געווען אַ פרוי, בתיה ראַסים, אין איר באַקאַליי־קלייט האָט מען געפונען פון כל המינים שהוא. איר מאַן יעקב ראַבינאָוויטש האָט מער געדאַוונט, ווי געווען אין קלייט. זי האָט געפירט די מלוכה, געווען דער ראש ביי די ווייבער, און יעדערער האָט ליב געהאַט. זי איז געווען קלוג און געקאָנט דערציילן מעשיות, און ווען עס' פלעגט נאָך אַריינקומען וואָלף דער שניידער, אַ בלינדער אויף איין אויג, דאַמאָלס האָט איר געמעגט זיי ביידע הערן...

*

פיצי שיינעס איז שטענדיק געווען אויסגעפּוצט, אפילו גראַף בראַניצקע איז ניט געווען אַזוי רייך געקליידעט, מיט אַזאַ פאָר גרויסע שיינע שיך, וועלכע האָבן זיך געוואָרפן אין אויג. אַז איר האָט אים געפרעגט וואָס קאָסטן זיינע שיך, האָט ער אייך נאָר געענטפערט וויפל א י י ן שיך קאָסט.

דאָרט האָט אויך געוווינט שלמה דער שניידער, אַ שטילער באַלעבאַטישער מענטש. זיין זון יאָקל (זשעק), האָט ביי מיין אָנקומען קיין אַמעריקע זייער פיל געטאָן גוטס פאַר מיר. איך ווייס ניט צו דער פּרומסטער פון סטאַווישטש וואָלט עמעצן אַזוי אַרויסגעהאָלפן.

מאיר ספקטור
תל־אביב

# וואָס איך געדענק פון סטאַווישטש

נעשריבן האט זיך דאס, אייגנטלעך: **„סטאווישטשע"**. אין רוסישן איז דאָס: „טייכעלאך", ווייל דאס שטעטעלע איז ארומגערינגלט פון דריי זייטן מיט טייכעלעך, אדער ריכטיקער געזאגט, מיט „אָזערעס". גרויסע ברייטע אָזערעס וואס האבן גערודערט פול מיט טייערע מחיה'דיקע פיש. קארפען, אקונעס, שלייען און נאָך פיל אנדערע סאָרטן פיש, וואָס האָבן פארשמעקט די שבת'דיקע הייליקע סעודה'ס.

**דער זאמדיקער טייך.** ארום אים געפינען זיך די „גלינישצעס", פון דאָרט האָט מען געגראָבן ווייסע און געלע ליים צו שמירן די ווענט אין די הייזער און ערב שבת די ערדענע פאָדלאָגע אין קיך.

**דער ציגעלניע־טייך.** דארט איז געווען א ליים צו מאכן געברענטע ציגל. צי מ'האָט געמאכט ציגל — ווייס איך נישט.

**דער באָד־טייך.** דער טייך וואס ביי זיין ברעג איז געשטאנען די אלטע יידישע באד.

דאס שטעטעלע האט געהערט דעם גראף בראניצקי — א באַוווסטער פוילישער רייכער מאגנאט.

אויף אים דערציילט מען, אז ער האט געהאט טויזענטער אימעניעס, האָט ער איינע פאָרקויפט כדי מ'זאָל דארפן אויסרעדן: „ניין הונדערט ניין און ניינציק" און נישט מיט איין ווארט אין איין אָטעם: „טויזענט".

אין מיטן שטאָט האָט דער שאָסיי צעטיילט די שטאט אויף צוויי.

ער הויבט זיך אָן פון אויבן פון דער גראַפסטוואָ — דעם גראַפ'ס פאלאצן — דאָרט האָבן געוווינט דער גראַפ'ס באאמטע, אלע פאָליאַקן, פארשטייט זיך, און צוליב זיי האבן אסך סטאווישטשער קרעמער זיך אויסגעלערנט רעדן פויליש פון זייערע פוילישע קליענטן.

די פאלאצן זענען געשטאנען אין געדיכטע גערטנער און סעדער ווו עס האָבן געוואקסן אלערליי שיינע פרוכטן און אסך שמעקענדיקע בלומען.

פון דער גראפסטווא ביז די ערשטע יידישע הייזער ציט זיך דער „בולוואר", — א שמאלער פאס באַדן, ארומגעצוימט מיט הילצערנע קליינע סטאלביקלעך. מיט הויכע געדיכטע בוימער, דאס רוב „בעז"־בוימער, וועלכע האָבן זומער, און איבערהויפט אין חודש מאַי, פאַרשפּרייט א טייערן גן־עדן־ריח.

ביי די בוימער זענען געשטאנען בענק, דער שפאצירענדער עולם, און בפרט מיר יונגוואַרג, פלעגן אין די שטילע לבנה־נעכט זיך פאַרזיצן דאָרט ביז עס האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג.

דאָרטן זיצן איז טאקע געווען זייער געשמאַק, אין די שטילע נעכט. א לייכט ווינטעלע האט פאַרשפרייט פארשיכור'טע ריחות פון אלערליי טייערע בלומען און סאָסנע־בוימער.

דער סאָלאָוויי און די ארומיקע גערטנער צעגיסט זיך מיט בענקענדיקע זיסע טרעלען.

און נעבן דיר זיצט, אָנגעשפּאַרט אויף דיין אקסעל, א שווארץ, אדער גאלד־בלאנד לאָקיקע

מיידל, און אליין איז מען יונג, טרוימיק און זארגלאָז.

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די פרייטיקדיקע און שבת־צונאכטן.

פון יענער זייט זאמדיקן טייך, אויף זאַשקאָווער וועג רעכטס, ליגט דער גרויסער געדיכטער וואלד וואָס ציט זיך אויף א סך צענדליקער, הונדערטער וויאָרסטן.

א גרויסער געדיכטער סאָסנאָווער וואלד.

אהין פלעגן מיר זומער, שבת נאָך מיטאָג, זיך פאַרקלייבן מחנות ייִנגלעך און מיידלעך. שפּאַצירן צווישן די געדיכטע שמעקעדיקע סאָסנעס, ווו שטראַלן פון דער ליכטיקער זון האָבן זיך נישט געקענט דורכרייסן. קלייבן זיסע יאַגאָדעס און ארום שלייען זיך איבערן וואלד און שרייען: — „אוהאָ! אוהאָ!..", כדי דער ווייטער מיסטישער ווידערקול זאָל דיר אָפּענטפערן אזוי ווי א קול פון יענער וועלט...

אזוי פלעגן מיר פאַרברענגען דעם גאַנצן שבת'דיקן נאכמיטאָג ביז דער נאכט אריין, און ענדיקן דאָס אָוונט, פאַרשטייט זיך, אין בולוואַר אויף די בענק אונטער די געדיכטע בוימער, און נישט אליין...

אין שטעטעל זענען געווען עטלעכע פאַרדרייטע גאסן און אסאך געסלעך.

אין מיטן שטאָט — דער שאָסיי. געפלאַסטערט מיט שפּיציקע שטיינער. זומער האט מען זיך אויסגעדרייט די פיס גייענדיק אויף אים און ווינטער, פאר פסח צייט, ווען די שנייען האבן זיך אָנגעהויבן צעלאָזן, האָט מען געטאָפּטשעט אין בלאָטע ביז אריבער די קנעכל. פון דעסטוועגן האט מען זיך שטענדיק געסטאַרעט גיין דוקא אויפן שאָסיי, ווייל ביי די זייטן, — אז מען האָט געשטעלט א פוס האט מען אים קוים ארויסגעשלעפּט אָן דעם קאַלאָש מיטן שוך צוזאמען.

דער שאָסיי האט זיך אָנגעהויבן פון דער גראַפּסטווא, דער וועג פון „שווארץ־טומאה" — דאס הייסט בעלאצערקווא, — און זיך געצויגן אַראָפּ בארג ביז דער מיל — דעם גראַפ'ס מיל — ביים צעגעלני־טייך.

פון דאַרטן גייט דער וועג קיין אומאַן און לינקס פון באָד־טייך בארג־ארויף גייט א וועג קיין טאראשטשע, די אויעזדנע שטאָט.

דער נאָמען באָד־טייך איז מחמת דער אלטער באָד פון שטעטל, וואָס איז געשטאנען ביים ברעג טייך. דאָרטן זענען געווען די הילצערנע „באָדקעס" „די שטאָט־קלאָזעטן", וווּהין די בעלי־בתים פון די ארומיקע געסלעך, און דער עיקר, די חדר ייִנגלעך, פלעגן זומער אין די הייסע תמוז'דיקע נאכמיטאָגן לויפן גאַנץ אָפט „זיך „ערלעדיקן", בשעת הצורך..., אָדער סתם אזוי, אבי פטור ווערן פון דער שווערער גמרא מיט רבי'ן צוזאמען... און זייער אָפט פלעגן די „חדרים" בלייבן ליידיק.

די תלמידים האבן לאנג פאַרבראַכט ביי די „באָדקעס", ביים טייך, און דער רבי האט דערווייל געכאַפּט א געשמאקן דרימל און טרוימען פון ארץ־ישראל.

דאס רוב רביים אין שטעטעל זענען געווען וואַרימע ציוניסטן, האבן געטרוימט פון ארץ־ישראל.

מיין רבי רב ישראל שומסקי, אָדער, ווי מען האָט אים גערופן אין שטעטל, „ישראליק דער מלמד", אָדער „ישראל צינעס", וווינט שוין א לאנגע צייט אין ישראל.

ווי קליין דאָס שטעטעלע איז געווען האָט דאָס פאַרמאָגט אַ היבש ביסל בתי-מדרשים, קלייזלאַך, און די גרויסע אַלטע הילצערנע שול. די חדר-יינגלעך פלעגן ציטערן דורך גיין אין די פינסטערע ווינטערדיקע נעכט, גייענדיק מיט'ן לאַמטערן פון חדר אַהיים, ווייל די מתים שטייען אויף ביי נאַכט דאַווענען.

— „די מאַקאַראַווער קלויז" — „דער גרויסער בית מדרש". — דאָ האָבן לרוב געדאַווענט די פיינע מכובדיקע בעל-בתים, די „פני". פון דעסטוועגן פלעגט נישט איין מאָל אויסברעכן שטאַרקע קריגערייען שבת ביים „לייענען" און זייער אָפט זענען געפלויגן לייכטער פון עמוד אין די קעפּ אַריין פאַר נישט קיין לייטישע „עליה".

פון ביידע זייטן לענג אויס פון שאָסיי האָבן געוווינט די בעסערע בעלי-בתים און פאַרמעגלעכע יידן, סוחרים, קרעמער, רייכע תבואה-מעקלערס. אין די הינטער-גאַסן האָט געוווינט דער פּראָסטער נאַראָד.

אין שול-גאַס, אין אַלע געסלעך אַרום האָבן געוווינט בעלי-מלאכה'ס: שניידערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס, קצבים און בעלי-עגלות.

אין באָד-גאַס — אין קליינע איינגעהויקערטע הייזעלעך מיט שטרויענע געפלאָכטענע דעכער ביז דער ערד, — האָבן געוווינט „קלאַטשעניקעס", שטריקעל דרייער און אָרימע יידן, וואָס פאָרן אַרום אַ גאַנצע וואָך איבער די גוי'עשע דערפער, האַנדלען און וואַנדלען, און סתם קבצנים אביונים.

פון אַ פאַמיליע-נאָמען האָט מען אין סטאַווישטש נישט געוווּסט. יעדן איינעם האָט מען גערופן אויפן טאַטנס, זיידנס, אָדער דער ווייבס נאָמען, און אויך נאָכן קאָליר פון דער באָרד, אַזוי למשל: — די צוויי „וואָליקעס", — ביידע פיינע יידן, ביידע גרויסע שניט-קרעמער. — הייסט איינער **„וואָליק דער שוואַרצער"**, — ווייל ער האָט אַ שיינע מיוחסדיקע שוואַרצע באָרד, און דער צווייטער — **„וואָליק דער רויטער"** — צוליב זיין רויטער באָרד.

מיין טאַטן האָט מען גערופן — **„אריה מאיר דינה'ס"**, נאָכן זיידן מיט דער באָבע צוזאַמען. מיין פעטער „פישל", — דער מאַמעס ברודער, — האָט געהייסן: „פישל משה יאָסים", און אַזוי מיין מוטער: „שפרה משה יאָסים". מיין פעטער, פסח-הערש סאַלגאַניק, האָט מען גערופן: פסח-הערש טריינעס — אויף דער ווייבס נאָמען. זיין זון, — שמואליק פסח-הערש'ס. אָבער דעם עלטערן זון האָט מען שוין גערופן „שלמה סאַלגאַניק". פאַרוואָס? — ווייל זיין שיינע גאַסטראָנאָמישע קלייט איז געשטאַנען אָבגעזונדערט פון אַלע קלייטן אין דער מיט שטאָט, און געקויפט האָבן ביי אים נאָר פריצים פון דער גראַפסטוואָ. און חוץ דעם האָט ער זיך געחבר'ט מיט „שמחה שוחט" און „ברוך בויאַרסקי". געשפילט צוזאַמען אַ שאַך און טאַקע אַמאָל געכאַפּט אַ קערטל און געגאַנגען איינער צום צווייטן צוגאַסט.

עס זענען געווען געציילטע בעלי-בתים, גרויסע תבואה הענדלער, וואָס האָבן זיך געדרייט אין דער גראַפסטוואָ, אָדער מלוכה-פּאָדראַדטשיקעס וואָס פלעגן פאַרברענגען מערסטענטייל אין די גרויסע שטעט, — זיי האָבן זוכה געווען צו אַ פאַמיליע-נאָמען, ווי „שמחה שוחט", „ברוך בויאַרסקי", „גראַנובסקי".

אין שטאָט זענען געווען אַ היבש ביסל בעלי-עגלות, זיי האָבן געפירט די קרעמער קיין

„שוואַרץ-טומאה" און „בערדיטשעווי" איינקויפן סחורה.

געפּאָרען איז מען מיט פּראָסטע בוידן אויסגעבעט מיט אסאַך שטרוי, איבערגעדעקט מיט ראַגאָזשע.

עס זענען געווען צוויי בעלי-עגלות וואָס האָבן געהייסען: „דער גן-עדן" און „דער גיהנום".

מיטן „גן-עדן" איז מען געפּאָרען קיין זשאַשקאָוו און מיטן „גיהנום" — קיין טאַראַשטשע.

דער „גן-עדן" — א ברייטער הויכער ייד מיט א גרויסער שוואַרצער באָרד. א גוט-פריינדלעכען שמייכעלדיקען פּנים. שטענדיג מיט א געלעכטערל: — „נו, קינדערלעך, קריכט, זייט מוחל, אין וואָגן אריין".

דער „גיהנום" — א בייזער געלער ייד. שטענדיק ברוגז. אָנגעדראָדלט אויף דער גאַנצער וועלט. קיין גוט וואָרט האָט מען פון אים קיין מאָל נישט געהערט. יעדער איינער איז ביי איהם „דו", קליין און גרויס: — „וואָס שטייסט דו ווי אַ גולם? ווארסט אויף כבוד אָדער אויף ירושה? און טאָמער וואלסטו זיך שוין אריינגעוואָרפן אמאָל אין וואָגן אריין?!".

געווען וואסערפירער, טעליזשניקעס, קאַוואַלעס. גרויסע ברייטע שווערע יידן מיט געדיכטע שוואַרצע בערד, בעוואַקסן איבערן גאַנצן פּנים. שטענדיק אין הויכע שווערע שטיוול אָנגעשמירט מיט „דאָוגאַט" (דזשעגעכטס). פּראָסטע יונגען, שוואַך אין „עברי" און הרג'ענען זיך אוועק פאַר אַן אַ „עליה" שבת אין קלויז. אָבער אלע — ווילע, האַרציקע יידן.

פון יענער זייט זאמדיקן טייך, אויף זשאַשקאָווער וועג אויפן בערגעל וואָס ציט זיך אַראָפּ ביזן וואַסער איז געלעגן דער **„בית-עולם"**. פאַרוואַקסן מיט געדיכטע שטעכעלקעס און בודיקעס. די הילצערנע שטאַכעטן פון צוים זענען צעפוילט און צובראָכן. די אַלטע הילצערנע מצבות זענען איינגעבויגן, איבערגעקערט און בעוואַקסן מיט גרינעם מאָך פון לאַנגע דורות, די אותיות אָפּגעריבן. נאָר די קרובים קאָנען דערקענען זייערע משפחה-מצבות נאָך געוויסע סימנים וואָס זיי לאָזן איבער נאָך יעדן וויזיט.

פלעגט דאָס שטעטל, אלט און יונג, אין תשעה-באב און ראש-חודש אלול גיין באַזוכן די אייביגע קברים, און בעטן הילף פאַר די לעבעדיקע.

יינגלעך האָבן דערווייל געריסן בודיקעס צו וואַרפן איינער אויפן צווייטן אין שול צו קינה'ס.

דאָרט ווו עס ענדיקט זיך די גראַפסטוואָ שטייט דער פּראַוואָסלאַווער קלויסטער.

אהין פלעגען זיך פערזאַמלען אלע זונטיק און חגאות די גויים פון די ארומיקע דערפלעך און כוטאָרעס. מיט זייערע ווייבער און קינדער, אויסגעשטעלט די וועגענער אויפן גרויסן ריזיקן מארקפלאַץ, פון קלויסטער ביז די יידישע קלייטן. אויסשפּאַנען די פערד און זיי צובינדן פון הינטן ביים וואָגן און אליין זיך אריינכאַפּען אין קלויסטער הערן פון גלח א גוט הייליק וואָרט.

נאָך די תפילות האָט זיך דער גאַנצער גויעשער עולם ארויסגעלאָזט אויפן מארק און אין די יידישע קלייטן, וועלכע זענען געשטאַנען אין צוויי לאַנגע רייען, געבויט פון הילצערנע אָפּגעשאָרפּעטע ברעטער, צעשפּאָלטן פון לאַנג-יאָריקע רעגנס, שנייען און הייסער זון.

זונטיק איז געווען אין סטאָווישטש דער „מארקטאָג", כמעט א יריד.

גויים האָבן געקויפט ביים יידן אלעס וואָס הויבט זיך אָן מיט אַן "אלף" און יידן האָבן גע־לייזט געלט און געמאכט א לעבן פון גוי.

גויים האָבן געלעבט פריינדלעך מיט די יידן.

אָפט פלעגט אויסברעכן אויפן מארק שלעגערייען נאָך א גרויסן „לחיים" נעבען „מאָנאָפאָל" — ביים בראָנפן־קלייט, אָבער דער אלטער שטאָט־סטראַזשניק, סערגעיי, פלעגט באלד שלום מאכען. אויסזידלען די „פּראַוואָסלאַוונע ליודי" וואָס מאכן לייטיש געלעכטער און געלאָזט אין גאנג די נאַגייקע אויף זייערע קעפּ.

צום סוף האָבן זיי זיך ווידער אריינגעוואָרפן אין די יידישע קרעטשמעס צו מאכן אויף ס'ניי א גוטען „לחיים", און פארביסן מיט געשמאקע יידישע מאכלים, און יידן האבן, ברוך השם, ווידער געלייזט געלט.

דינסטיק איז דער „וואָך־יריד".

טויזנטער גויים מיט וועגענער האנדלען און וואנדלען. ברייגנען אָן אלדאָס גוטס פון דאָרף צו פערקויפן דעם יידן און קויפן ביי אים געהילץ פאַר א געביידע. סיטץ אויף א קליידל און א טיכל פאַר דער ווייב. אַ פאָר הויזען, שטיוועל פאַר זיך און די קינדער.

דאָס שטעטעלע איז געלעגן פאַרדריקט צווישן טייך און וואלד, און גרינע ברייטע פעלדער. ארומגערינגלט מיט אַ ים פון גויים, וואָס האָבן יאָרן לאנג געלעבט רוהיק מיטן יידן פון שטעטל.

אויף יעדן יידישן יום־טוב ברענגען די פויערים זייערע יידישע פריינט פון האב און גוטס, פון בוים פון גארטן, גרינס פון דער פעטער שווארצער ערד און גרויסע פעטע פיש פון טייך אויף שבת.

ווינטער צום קריסטוס־געבורסטאג און ניי־יאָר זענען זיי געקומען פאַרטאָג אין גרעסטן פראָסט און שניי „קאָליאַדעווען", בענטשן זייערע באַפריינדעטע יידישע משפחות, באַשיטן מיט ווייץ אָדער מיט גערשט, ווי דער מנהג איז, און ווינטשן א גוט ניי־יאָר, און קריגן פון דער באלע־באָסטע א ווייסע חלה.

ווער האָט זיך געקענט ריכטן, אז דאָס אלץ זאָל זיך איבערדרייען מיטן קאָפּ אראָפּ, אז אלע גוטע פויערים זאָלן פארוואנדלט ווערן פלוצים אין ווילדע אכזריות'דיקע חיות, אין שרעקלעכע מערדער. זיי זאָלן אויסהרגענען זייערע לאנג־יאָריקע באפריינדעטע יידן און חרוב מאכן ביזן גרונט דאָס גאנצע שטעטל, וואָס האָט זיי קיין מאָל קיין שלעכטס נישט געטאָן.

אויף דעם זאָגט דער פסוק: „אל תבטחו בבן־אדם", — ווי טוביה דער מילכיקער פארטייטשט: „גלויב נישט א גוי אפילו אין קבר". ווייל די שנאה צום יידן ליגט ביים גוי אין הארצן.

ווי גוט עס זאָל נישט זיין אין גלות, איז דאָס פאָרט אַ גלות, נישט ווי ביי זיך אין דער היים.

מיר דארפן דאנקען גאָט וואָס מיר האָבן דערלעבט צו א אייגענע אידישע מדינה.

דאָ וועלן יידן נישט ליידן פון גויעשע „גוט־ברודערשאַפט".

דאָ וועלן שקאָצים נישט רייצן דעם הונט אויפן יידישן יינגל, און דאָס וואָרט „זשיד" אָדער „שיני" וועט מען דאָ קיין מאָל נישט הערן.

יאָסל (סיוני) גאָלוב
ניו־יאָרק

# פון מיין קינדהייט

ווי דורך א נעפּל זע איך אין מיין זכרון מיינע קינדערישע יאָרן, די גאר ערשטע איבערלעבונ־גען, די וווּנדערבארע שיינע יאָרן אין מיין שטיל־דרעמלדיקן שטעטעלע סטאָווישטש. ווי אויך די קאשמאר־פארוואנדלטע, שוידער׳לעכע איבערלע־בונגען פון יענער צייט, טעג און נעכט צוברויזטע, צוראבעוועטע, אין צעהרגעטן און פארברענטן שטעטעלע מיינס סטאָווישטש...

ביז היינט צוטאָג טוט מיר לייד וואָס כ׳בין געווען נאָך אזוי יונג, ווען מיר זענען צוזאמען מיט הונדערטער אנדערע איינוווינער אנטלאָפן פון סטאָווישטש, און איך האָב נישט זוכה געווען צו געניסן מערער פון די גאָלדענע טעג וואָס האָבן אָנגעפילט מיין קינדהייט, אין מיין שטעטעלע סטאָווישטש.

יעצט מיט פערציק יאָר שפּעטער אין דעם גרויסן ניו־יאָרק שווימען אויף אין מיין זכרון די אומפארגעסלעכע קינדערשע יאָרן, ווי אויך די בי־טערע צייטן, די לעצטע טעג און שעה׳ען מיינע אין סטאָווישטש.

ווען ס׳האָבן זיך פארשפּרייט קלאנגען אז א נייע באנדע, וואָס האָט פארניכטעט און אויסגע־הרגעט גאנץ טעטיעוו קומט קיין סטאָווישטש, האָבן טאטע־מאמע געכאפּט אונז קינדער און מיט גאנץ סטאָווישטש זיך געלאָזט לויפן אופן וועג פונ׳ם קלויסטער קיין ביעלאי־צערקאָוו.

דער וועג האָט מיך פארפירט זייער ווייט פון סטאָווישטש... און דאָך ווען איך שרייב די שורות פיל איך זיך זייער נאָענט צו סטאָווישטש און לעב אלעם דורך ווי אָט ערשט נעכטן זאָל עס האָבן פּאסירט...

✶

פונם קלויסטער ביז צו דער מיל (פון אָנהויב שטעטל ביז׳ן ענדע) האָט זיך געצויגן דער שאסיי, מיט סטופּשעקלאך אויף ביידע זייטן, און טעלע־פאָן־סלופּעס מיט דראָטן יעדע פיר הונדערט פוס. און פון שאסיי זענען געווען סטעזשטשקעס צו די הייזער און קלייטן, וועלכע זענען געשטאנען אויף ביידע זייטן פון שאסיי. אין מיט׳ן שטעטל זענען אויך געווען א פּאָר ארייגפאר־הייזער, די שטאָט־באנק און דער בית־המדרש.

✶

דאָס שטעטל סטאָווישטש האָט מסתמא געקראָגן דעם נאָמען פונ׳ם אוקראַאינישן וואָרט „סטאַוו" — וואָס מיינט אין יידיש א טייך. איך שטעל מיר פאָר אז די טייכן וואָס האָבן זיך גע־פונען אין סטאָווישטש האָבן עפּעס געהאט צו טוען מיט׳ן נאָמען. דאָ ביי אונז אין אמעריקע וואָלט מען סטאָווישטש גערופן — לייקלאנד, לייקסייד אָדער לייקוויו.

✶

דער יידישער טייל פון סטאָווישטש האָט זיך אָנגעפאנגען פונ׳ם קלויסטער, די קאטוילישע קירכע, און פונ׳ם בולוואר, דעם שטאָט גארטן, אויף רעכטס און לינקס פון שאסיי, וואָס האָט צעטיילט דאָס שטעטל אויף צוויי זייטן גלייך ארונטער ביז צו דער מיל. אויף דער רעכטער זייט נאָכ׳ן קלויסטער האָט זיך געפונען די שטאָט־פּאָמפּע — ווו מ׳איז געקומען נאָך וואסער. פון דאָרט האָט זיך אויך געצויגן דער וועג צו דער ראסקאשנע, קיין זשאשקאוו. דאָס איז אויך געווען דער וועג צום הייליקן אָרט, צום בית־הקברות,

צו דער שטאָטישער הויך־שול, צו א טייך און צו דער גוראלניע ווו מ׳האָט געמאכט בראָנפן.

אויף דער רעכטער זייט פון שאסיי, גלייך נאָך דער פּאָמפּע, האָט זיך געפונען א לוידיקער פלאץ אין די טעג פון יריד פלעגן זיך אויסשטעלן די פויערים מיט זייערע פערד און וועגענער, מיט סחורות וואָס זיי האָבן געבראכט אויפן מארק צו פארקויפן. זיי פלעגן אויך אויפשטעלן פּאלאטקעס, אויסגעלעגט אויף טישן און בענק זייערע סחורות. דאָ האָט מען געקענט זען זייערע טעפּ, אויסגענייטע און אויסגעשטריקטע קליידער, רעליגיעזע איקאָנעס און פיל אנדערע דאָרפיש־געמאכטע האנט־ווערקן.

אביסל וויִטער אראָפּ האָבן זיך אָנגעפאנגען די יידישע קלייטן פון מאנופאקטור, פון אנציגער, באקאליי, און פיל אנדערע ארטיקלען פאר דאָרפס־פויערן וואָס מ׳האָט געקריגן בלויז אין שטאָט. אביסל נידעריקער, אויף דער רעכטער זייט פון שאסיי, האָבן זיך געפונען די קצבים ווי אויך א פּאָר פיש־הענדלער. ווי אויך אנדערע געשעפטן פון מעל, ברויט און אזוי ווייטער. דאן איז געשטאנען די באנק ארומגערינגלט מיטן הילצערנעם פּארקן. ביים פּארקן פלעגן זומער־צייט זיך אויסשטעלן פויערים און פויערטעס און פארקויפן פרישע פּרוכטן, גרינסן און יאגעדעס.

אויף דער לינקער זייט און קעגנאיבער דעם שאסיי פונ׳ם קלויסטער האָט זיך געפונען דער פּריסטאַוו מיט די פּאָר סטראזשניקעס פון שטעטל. ארונטער יאגובסקי׳ס אפטייק איז געווען א קאָלבאסניע מיט פארשידענע גויאישע וואָרשטן, קאָנסערוון און אזוי ווייטער. דאן, איז געווען סמושקינ׳ס הויז מיטן הויף. סמושקין איז געווען דער גביר פון סטאָווישטש. ער האָט פארמאָגט זיינע אייגענע פערד און וועגענער ביי זיך אין הויף. נידעריקער אראָפּ זענען געווען די אריינפאָר־הויפן. דאָ האָבן זיך געפונען די געשעפטן פון יאנקל בערדיטשעווסקי, יאָסל גראָסמאן, זעליג לעווינסאָן, גולבאָ, נחמיה דער זייגער מאכער, הערשל דער זאגאטאווששיק, ראובן דעם שניידער׳ס אריינפאָר־הויף, סאלאָמאָן גאלוב׳ס בוךגעשעפט און הויז, טעטיעווסקי׳ס איינפאָר־הויף, פּאטאווסקי׳ס איינפאָר־הויף, רובטשאנסקי׳ס אפטייק, נח ווילפאנד׳ס הויז און דער בית המדרש.

אויף ביידע זייטן פון שאסיי אויפן וועג צו דער מיל האָבן זיך געפונען פיל הייזער אין א רוי, אנדערע צוואָרפן דאָ און דאָרט, און צווישן זיי א קלייט אָדער א געשעפט. אויף דער לינקער זייט איז געווען א הויז מיט א גרויסן גאנעקבאלקאָן און גלייך נאָך דער הויז, אלטער באלטיאנסקעס באקאליי־קראָם און די טאָלנער קלויז. און אביסל ווייטער פון שאסיי — דאכט זיך מיר — איז געווען גאָלדיטשעס הויז מיטן איינציקן טעלעפאָן אין סטאָווישטש. נידעריגער ארונטער בנימין פיינזילבערג׳ס אפטייק, דאדיוק׳ס הויז ווו די חפץ־פאמיליע האָט געוווינט. און נאָך ווייטער ארונטער האָט זיך געפונען דער שטאָטישער זאל, ווו פון צייט צו צייט האָט מען געשטעלט א ספּעקטאקל און פילמען — דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל געזען א פילם — יציאת מצרים. דאָ ערגעץ אין דער געגנט האָט זיך אויך געפונען דער איינציקער סטאָווישטשער פאָטאָגראפיסט, חיים לייב׳ס איינפאָר־הויף, די גלאנץפאמיליע האָט דאָרט געוווינט, און ווייטער ארונטער די ביסיצקי, פּערסיאן און די באיארסקע פאָמיליעס און ביים עק שטאָט, דאכט זיך מיר, איז געווען די שטאָט־אפטייק.

אויף דער רעכטער זייט מיט׳ן שאסיי — האָבן געוווינט די ווילפאנד־פאמיליע — יאנק און

סאָניע מיט זייער עלטערן, און באַלד נאָך דעם — די מאַקאַרעווער קלויז, און ווייטער נאָך זענען געווען הייזער וואָס איך געדענק נישט די נעמען. איך געדענק יאָ שמואל (דעם מלמד׳ס) קרענצעל׳ס הויז, די דענטיסטקע, לוזיע דעם מלמד׳ס וווינונג, די זאַסלאַווסקי טיפּאָגראַפיע אויף א באַרג, די מאַריאַנאַווסקעס הויז, די קאַפּליצע (גוישע קירכע) און ווייטער אַרונטער געדענק איך בלויז א קוזניע,, יאַנקעל דעם קאָוואַל׳ס דאַכט זיך, געדאַלקעס טייך און די מיל. פון דאַנעט האָט זיך פאַרנומען א וועג אין די בערג און צו דער טאַרעלקע און קיין טאַראַשטשע.

צווישן גאַלוב׳ס און טעטיעווסקי׳ס הויז האָט א געסל געפירט צו דער שול און דער שול-גאַס. די שול איז געווען א רויטע, הויכע הילצערנע געביידע און דאַכט זיך מיר די העכסטע געביידע אין שטעטל. אין דער שול-גאַס צווישן פיל אַנדערע האָבן געוווינט די פישלין פאַמיליע, פיצע שיינים, די גאַלדיטש פאַמיליע, זעליג לעווינסאָן. די שול-גאַס האָט אויך געפירט צום פעלדשער טרעמביצקי׳ס הויז ווי אויך צו דער פּשינקע, צו די גויים אופן דאָרף.

נאָכן בית-המדרש האָט זיך פאַרנומען א געסל לינקס וואָס האָט געפירט צום רב׳ס הויז, צו דער סאַקאַליווקער קלויז און רעכטס צו ברוך זייגער׳ס הויז, צו די פאַסטריעלקעס. אין דער געגנט איז אויך געווען די הייזקע פון מיין גאָר ערשטן לערער, מאָשקע ווייסמאַן, און גלייך קעגנאיבער איז געווען א חדר. ווייטער באַרג אַראָפּ, אין יענער געגנט האָט זיך געפונען דער בית-המרחץ — די שטאָט-באָד און נאָך ווייטער אַרונטער האָט זיך געפונען די באַניע — נאָר דאָס איז שוין דאַכט זיך געווען אויסער דער שטאָט.

קעגנאיבער דעם שאָסיי פון בית-המדרש און



שמואליק בעראזע, שלמה גאלוב׳ס שווער

רעכטס פון דער שטאָט-באַנק האָט זיך פאַרנומען א גאַס וואָס האָט געפירט צו דער ציוניסטישער קלויז. דאָ באַלד ניט ווייט איז געווען די יידישע גימנאַזיע, און נאָך אַסך הייזער. צווישען זיי מענדל גאַנאַפּאַלסקי׳ס הויז, דאַכט זיך די הורוויץ הויז, ישראל ציניס׳ הויז, איינבינדער, טשערפּאַוואַדסקי׳ס, און הערש מענדל שדכן׳ס הויז.

עס זענען געווען נאָך גרעסערע און קלענערע געסלעך מיט הייזער. אויף ביידע זייטן שאָסיי ווו ס׳האָבן געוווינט און געאַרבעט די סטאַווישטשער קרעמער און הענדלער און די בעלי-מלאכות — די שניידערס, מאָדיסטקעס, די שוסטערס און די קערעזשנער, די סטאָליאַרעס, באַנדאַרעס און די בלעכערס, די בעלי-עגלות און די בינדיוזשנעקעס, די קאָוואַליעס און אַזוי ווייטער און ווייטער.

ארויף צו פון קלויסטער האָט זיך דער שאסיי געצויגן פארביי דער גראפסטווע און פריצישע הייזער אויף ביידע זייטן, נאָכן דאָקטאָר גאראכ׳ס און דעם שטאָט-ריכטער (שופט) מיט זייערע פיינע הייזער און גרויסע גערטנער, און דער שטאָטישער האָספיטאל — ביז ס׳האָט זיך אָנגע-פאנגען א וועג דורך קלענערע און גרעסערע דערפער, דורך פעלדער מיט וועלדער — דער וועג קיין ביעלאיא-צערקאָוו — „שווארצע-טומאה”, די גרעסטע שטאָט אויפן וועג קיין קיעוו. עס פלעגט נעמען א גאנצן טאָג אָדער א גאנצע נאכט מיט פערד און וואָגן צו פאָרן פון סטאווישטש קיין ביעלאיא-צערקאָוו.

*

איך געדענק די סטעזשקע וואָס האָט געפירט פונ׳ם שאסיי צו אונזער הויז און מיין טאטנס בוד-געשעפט. מען פלעגט ארויפקומען צו אונז מיט טרעפ אויף א גאנעק און גלייך אין א גרויסער קלייט. אין אונזער בוד-געשעפט האָט מען גע-קראָגן פארשידענע אנדערע ארטיקלען. ביי אונז זענען אויך געווען צו קויפן פארשידענע מוזיקא-לישע אינסטרומענטן, גראמאָפאָנען, פלאסטינ-קעס, צעלניק-בייטעלעך, מעסערלעך, קאָסמעטיק, צוקערקעס, ווי אויך קאָנסערוון און אזוי ווייטער.

די גוישע אינטעליגענץ פונ׳ם שטעטל און פון ארום, די לערער און די סטודענטן, די פריצים, די פויערים, אלע האָבן געפונען אין מיין טאטנס געשעפט וואָס נאָר זיי האָבן געזוכט. אפילו די קיעווער צייטונגען פלעגט מען קריגן ביי אונז. אונזערע יידישע קונים האָבן אויך געפונען ביי אונז יידישע און העברעאישע ביכער, סידורים, מחזורים און אנדערע אידישע ארטיקלען.

צוזאמען מיט אונזער קלייט איז געווען אונזער וווינונג, דאכט זיך מיר פיר צו פינף צימערן. אין איינע פון די צימערן איז געווען א „הרובע” וועלכע מ׳פלעגט הייצן ווינטער-צייט מיט סנאָ-פעס שטרוי. די „הרובע” פלעגט ווארעמען די גאנצע הויז. אין קוך איז געווען א גרויסער הויוון. צו ליגן אויפן הויוון ווינטער-צייט איז געווען א מחיה... די קיך איז טאקע דערפאר ביי מיר געווען דער באליבסטער צימער. ערשטנס ווייל פון קיך פלעגט זיך אלעמאָל טראָגן די פיינע גערוכן פון געשמאקע מאכלים וואָס די מאמע מיט דער שיקסע די דינסט פלעגן צוגרייטן. אז מ׳האָט געבאקן ברויט אָדער מ׳האָט געפרעגלט שמאלץ פון קיך האָט דער געשמאקער גערוך זיך געטראָגן איבערן גאנצן הויז. און דער גערוך פון געפראזשעטע גריוון, פון א באָרשט און א „זשארקאיע” לאָזט זיך נאָך געדענקען ביזן היינ-טיקן טאָג. ביי מיין מאמען אין קיך האָט מעז גאנץ אָפט געקאָנט געפינען אן אורח אָדער צוויי. פון צייט צו צייט האָט מען געקאָנט טרעפן ביי מיין מאמען אין קיך יאָסע מאזוראקע, איציקל דעם משוגענעם אָדער וועלכען עס איז אנדערן אָרעמאן וועמען מיין מאמע האָט איינגעלאָדן פאר א מאָלצייט.

פון דער קיך האָט געפירט א טיר אין א הויז — א קלאדאווקע, — וואָס איז בעשטאנען פון א גרויסן צימער אָנגעפאקט מיט האלץ פארן ווינ-טער. דאָ איז אויך געשטאנען א גרויס פעסל מיט וואסער פארן הויז-געברויך, אויך א פעסל מיט זויערע קרויט, אוגערקעס, זויערע עפל. פון דעם צימער האָט א לייטער געפירט אויפן בוידעם. דאָרט אויבן האָט מען געקענט געפינען הענגענ-דיק פונ׳ם דאך ארונטער פארשידענע טרוקענע פרוכטן און אונטן באדעקט מיט שטרוי האָבן זיך געווינטערט פרישע עפל, בארן. דערפאר האָט טאקע געשמעקט אויפן בוידעם פון אלע טעמים.

איך פלעג זיך ארויפכאפן אויפן בוידעם פון צייט צו צייט און גענישן פון דעם פיינעם גערוך ווי אויך פון דעם טעם גן־עדן.

פון דער קלאדאווקע האט זיך געעפנט א טיר וואס האט געפירט צו דער שול־גאס. און אין א זייט איז געווען א טירל, וואס האט זיך געעפנט אין אונזער שכנ'ס, ראובן דעם שניידער'ס הויף. דער הויף איז געווען א גאנץ גרויסער מיט א הויכן דאך. גאנץ אפט פלעגן דארט פארפארן פויערן מיט פערד און וועגענער אדער סתם הענדלער און איבערשטיין דארט א פאר טעג און נעכט. פונ'ם הויף האט זיך דערפאר געטראגן א גערוך פון פערד און שטרוי. זומער צייט פלעגט די מאמע מיט אונזערע שכנות, חיה שאכאנאָוויטש און ביילע דארף, אלע צוזאמען פרעגלען ווארענ־יעס און פאווידלע אין גרויסע מעשענע טאצן. ביי אונז קינדער איז דאס געווען א גאר וויכטיקע געשעעניש און דעם טעם פון די ווארעניעס האב איך נישט פארגעסן ביז היינטיקן טאג...

צווישן אונזער הויז און טעטיעווסקעס אריינ־פאר־הויף איז געווען א געסל וואס האט געפירט צו דער שול־גאס. אין מיטן דעם געסל האט זיך געפונען א „קאליעזשע", א בלאטע אזא וואס האט זיך קיינמאל נישט געוואלט אויסטריקענען, סיי זומער און א ודאי נישט ווינטער־צייט. ווען מ'האט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער פון אונ־זערן א צימער האט מען געזען די „קאליזשע". פלעגט מען זייער אפט דארט אריין מיט פערד און וואגן און מ'האט ניט געקאנט ארויסקריכן. צו דאס איז געווען יאנקעל דאנציס, דער בעל־עגלה, אדער וועלוועל דער בינדיוזשניק. מיר קינדער פלעגן לויפן קוקן אויפן בייז ווונדער. ביז היינטיקן טאג קאן איך נישט פארשטיין פארוואס ס'האט נישט געלונגען די סטאווישטשער אויס־צוטריקענען זייערע „קאליעזשעס" און בלאטעס וועלכע האבן זיך געפונען אין פילע אנדערע פלע־צער אין אונזער שטעטל סטאווישטש?

*

איך געדענק די פארנאכטן אין שטעטל, ווען די שקצים האבן געטריבן די טשערעדע בהמות פון דער פאשע צוריק אין דארף און פון די פעל־דער פלעגט זיך הערן דאס זינגען פון די שקצים און שיקסעס אויפן וועג אהיים נאך א טאג ארבעט אויף די בוראקעס אין די פעלדער. פלעגט זיך הערן דאס געזאנג איבערן גאנצן שטעטל ביז ס'איז פינסטער געווארן און שטילקייט האט בא־הערשט דעם ארום. פלעגן מיר זיצן ביי אונז אויפן גאנעק און זיך צוהערן. דאס האווקען פון א הונט פלעגט איבעררייסן די שטילקייט פון דער נאכט. פון די טייכן פלעגט זיך הערן דאס קוואקען פון די זשאבעס און ווען די לבנה איז געהאנגען אין הימל פלעגט זי באלייכטן גאנץ סטאווישטש. נאר עס דאכט זיך מיר אז אונזער סטעזשקע וואס האט געפירט צום שאסיי איז געווען א וועג־ווייזער אויך פאר דער לבנה. די וועגן וואס האבן זיך געצויגן פון שטעטל האבן געפירט אין א ווייטער אומבאקאנטער וועלט, אבער דער צענטער פון אט דער אומבאקאנטער וועלט איז זיכער געווען מיין שטעטל סטאווישטש. דער שאסיי און די סטעזשקע האט דאך געפירט גלייך צו אונזער הויז — אנישט וואלט דאך די לבנה נישט געהאנגען פונקט איבער אונז...

*

וואסער פלעגט מען קריגן אין סטאווישטש פון דער שטאט־פאמפע לעבן קלויסטער אדער פון די פאר קרענעצעס (ברונעמס), וועלכע האבן זיך געפונען אין שטעטל. און דאכט זיך מיר אז ס'איז געווען אויך א וואסער־פירער, וואס האט

ארומגעפירט וואסער צום פארקויפן אין שטעטל, אויף א וואָגן מיט א גרויסער פאַס. אָדער מ'פלעגט דינגען א גוי אָדער א שיקסע צו ברענגען וואסער. ביי דער פּאָמפּע האָט מען געדארפט דרייען א גרויסע ראָד ארויסצוקריגן דאָס וואסער. און די וואסער פלעגט אלעמאָל זיין זייער קאלט, סיי זומער און א ודאי ווינטער צייט. ביי די קרענעצעם פלעגט מען אראָפּלאָזן דעם העמער אויף א שטריק, אים אָנפילן מיט וואסער און צוריק ארויפציען, און דאן פלעגט מען טראָגן די צוויי העמער וואסער אויף א „קאראמיסלע" — אזא אויסגעבויגענער הילצערנער שטעקן — אויף די פלייצעס צום הויז. פאר די מערסטע איינוווינער פון שטאָט איז עס געווען א גאנץ וויטער גאנג. נאָר דאָס איז שוין געווען איינס פון די אָנגענעמסטע אומבאַקוועמלעכקייטן פונם סטאָווישטשער לעבן. ס'איז געווען שיין צו זען ווי די וואסער־טרעגער טראָגן די צוויי פולע העמער מיט וואסער אויף דער „קאראמיסלע", פריער אויף איין אקסל און דאן איבערבייטן אויפן צווייטן אקסל, און בשעת מעשה ניט פארלירן קיין איין טראָפּן וואסער... דאָס איז געווען א קונץ זיך אויסצולערנען. ס'זענען געווען אפילו אייניקע וואָס האָבן אפילו נישט באדארפט צוהאלטן די „קאראמיסלע" מיט די הענט ווען זיי פלעגן טראָגן וואסער צו די הייזער. נאטירלעך, אין מיינע יינגלערישע אויגן איז דאָס געווען א גוואלדאוונער אויפטו, און איך פלעג זיך טראכטן — ווי אזוי וואקס איך שוין אונטער און איך זאָל אויך קאָנען אזוי טראָגן און באלאנסירן די צוויי העמער וואסער אויף א „קאראמיסלע" און נישט דארפן צוהאלטן מיט די הענט...

*

איינער פון די טיפּן אין שטעטל וואָס איך געדענק איז געווען דער קאצאפּ סטעפּאן וויסאָצקי. א הויכער, געזונטער פּויער, באוואקסן מיט שווארצע האָר. ער האָט געטראָגן א גאנץ יאָר — זומער און ווינטער — א הויכע שווארצע היטל, „פּאפּאכע". זומער פלעגט ער פארקויפן קאוועגעם קעגנאיבער דעם שאָסיי פון אונזער הויז. ביינאכט פלעגט ער אויפשטעלן א פּאלאטקע איבער זיינע קאוועגעם און פלעגט דאָרט שלאָפן אין די נעכט. פון אונזער הויז פלעגן מיר זעען די לאמטערנע וואָס פלעגט באלייכטן סטעפּאנען מיט די קאוועגעם. ווען סטעפּאן פלעגט זיך אָנשיכורן האָט ער שוין נישט אין זינען געהאט זיין מסחר נאָר ער פלעגט זיך וואלגערן אין די סטאָווישטשער בלאָטעס וויינענדיק אָדער זינגענדיק, ס'איז אים קוים געווען צו דערקענען אין דער בלאָטע... אָבער סטעפּאן וויסאצקים קאוועגעם האָבן געהאט א שם אין סטאָווישטש, יעדער קאווען זיינער האָט געטרעשטשעט אין די הענט...

*

עס טוט מיר באנק ביז היינטיקן טאָג פארוואָס אונזערע עלטערן האָבן מיך מיט מיין עלטערן ברודער יאני נישט געשיקט אין א חדר, ווו מען פלעגט שיקן אלע סטאָווישטשער יינגלעך צו לערנען. מיט אונז האָט געלערנט עברי דער מלמד מאָשקע ווייסבערג. איך האָב חלילה גאָרנישט געהאט קעגן מיין ערשטן מלמד, נאָר איך וואָלט בעסער גערן געווען זיין צוזאמען מיט די אלע סטאָווישטשער יינגלעך וועלכע זענען געגאנגען אין חדר... אלעמאָל ווען איך פלעג דורכגיין א חדר און פלעג הערן ווו די יינגלעך זינגען צוזאמען דעם חומש אָדער די סדרה פון דער וואָך פלעג עס מיך פארשאפן קנאה. איך האָב זייער געוואָלט

זיין איינער פון׳זיי, זיין גלייך מיט אַלעמען... ווען איך האָב שוין אָנגעפאַנגען לערנען אין דער תלמוד־תורה, האָב איך זיך שוין געפילט ווי איינער פון כלל ישראל. מיינע לערער זענען געווען, ווי איך געדענק — לוזי דער מלמד, טשערפּאַוואָדסקי, לאַנדע און דאַכט מיר ישראל ציניס. די חברים אין דער תלמוד־תורה האָבן מיך שוין אַרויסגעשלאָגן פון קאָפּ דעם חדר. צווישן מיינע חברים זענען געווען: יאָסל ווילפאַנד, אברהם זייגער, אברהם באַלטיאַנסקי, נפתלי דאָרף, בנימין גאַנאַפּאָלסקי, אברהם רובטשאַנסקי און לאַנדעס אַ יינגל. מיר האָבן געגרינדעט אַ קינדער־קלוב מיטן נאָמען „נכדי ציון" און שפּעטער „ילדי ציון". מיר האָבן געהאַט פאַרזאַמלונגען, לייענען צוזאַמען, זיך שפּילן און זינגען העברעאישע לידער. אונזער שטעטל סטאַווישטש האָט באַרייכערט אונזערע קינדערשע פאַנטאַזיעס. סטאַווישטש מיט איר שיינער נאַטור, די גערטנער, פעלדער און וועלדער ווי אויך די טייכן און די בערג.

*

איך האָב מקנא געווען די חדר יינגלעך. ווינטער צייט ווען זיי פלעגן גיין פונ׳ם חדר איז די נעכט און טראָגן מיט זיך לאַמטערענדלעך אינווייניק מיט אַ ליכט. זיי זאָלן דערזען די סטאַווישטשער בלאָטעס אין דער פינצטערניש. צו גיין מיט אַ לאַמטערן פונ׳ם חדר איז ביי מיר דאַן געווען אַ גרויסע העלדישקייט. איך בין אויך מקנא געווען די יינגלעך מיט זייערע שטיוועלעך מיט די פּאַדקאַוועס, וואָס מען קען זיך אַ גליטש טאָן אויף אַ פאַרפרוירענער קאַליוזשע אַז ס׳האָט אזש פאַרכאַפּט דעם אָטעם... אָך, ווען מיינע עלטערן וואָלטן מיר דערלויבט צו טראָגן יענע יאָרן שטיוועלעך מיט פּאַדקאַוועס ווי די מערסטע חדר־יינגלעך פלעגן טראָגן, ווי גליקלעך איך וואָלט דאַן געווען.

זומער צייט פלעגן די סטאַווישטשער יינגלעך גיין זיך באָדן אין טייך, אָדער גיין מיט די חברה פון דער שול־גאַס זיך וואַרפן שטיינער מיט די שקצים פון דער פּשינקע. אַנישט פלעגט מען גיין רייסן סטרוזשקעס אָדער פּרוכט ביים פּריסטאַוו אין גאָרטן.

*

די ימים־טובים פאַר אַ סטאַווישטשער יינגל זענען געווען פיל מער ווי דאָס גיין אין שול און איינאָטעמען דעם יראת הקודש פון דאַוונען... מ׳איז געווען קודם־כל פריי פון חדר און תלמוד תורה. יעדער יום־טוב האָט געהאַט זיין באַזונדערן טעם און אויף אַ יום־טוב פלעגט מען אויסקוקן אַ גאַנץ יאָר. די צוגרייטונגען פאַר פּסח... דאָס כשר׳ן די טעפּ און די פעסער, העלפן דעם טאַטן פאַרברענען דעם חמץ, און ווידער דער סדר מיט די פּסחדיקע מאכלים. היינט דאָס שפּילן אין ניס און די שפּיל „ציד־צו־לישקע", אָדער אויף דער ערד אין אַ גריבל... נאָך אַזאַ יום־טוב פאַר אַ יינגל איז זיכער אויף דער גאַנצער וועלט נישט געווען... און חוץ אַלעמען האָט דאָס שוין געמיינט דער אָנהויב פון פרילינג און אַלץ פאַנגט אָן אויפלעבן מיט דער נאַטור אַרום...

אָט קומט שוין אָן שבועות, מיט די מילכיקע מאכלים, און חברה שפּילן ווידער אין ניס. פאַר ל"ג בעומר פלעגן מיר זיך צוגרייטן מיט געווער וואָס פלעגט מאַכן אַ טומל מיטן שיסן. אונזער „האַרמאַטל" איז באַשטאַנען פון אַ אַלטן שליסל צוגעבונדן דאָרט אָן אַלטן טשוואָק מיט אַ אָפּגעהאַקטן שפּיץ, מ׳פלעגט אָנרייבן שאַרקע פון שוועבעלעך, דאָס אַריינטאָן אין לאָך פון שליסל מיטן טשוואָק און אַ שליידער טון אין אַ וואַנט.

פלעגט עס אויסשיסן אז מ׳האָט אזש געהערט איבער גאנץ סטאַווישטש. פלעגן מיר פראוועןִ ל״ג-בעומר אמאָל אין דער „טארעלקע״, וואָס האָט זיך געפונען באלד הינטערן שטעטל אין די בערג אויפן וועג קיין טאראשטשע.. אמאָל האָב איך מיט די גאָר נאָענטע חברים געפראַוועט ל״ג-בעומר ביי ברוך זייגער׳ן אין גאָרטן אָדער ביי לאנדען אין גאָרטן.

און אזוי אויך מיט די אנדערע ימים-טובים — חמישה-עשר בשבט האָט מען געפראַוועט מיט באָקסער, פייגן און טייטלען וואָס מ׳האָט געקראָגן אין סטאַווישטש בלויז איין מאָל א יאָר צו יום-טוב. די ימים-נוראים זענען פאר אונז ייִנגלעך שוין געווען מער ערנסט. ערשטנס האָט מען געדאַוונט מער, געווען לענגער אין שול. היינט יום כיפור מיט׳ן פאסטן — דאָס איז שוין געווען א גאנץ ערנסטער ענין און חברה פלעגן וועלן איבערצייגן איינער דעם אנדערן ווער עס קאן אויסהאלטן לענגער דעם פאסטן... סוכות און שמחת תורה האָט מען אויפגעלעבט פון דאָסניי. בויען א סוכה, און זיצן אין א סוכה האָט דאָך געמיינט זיצן גלייך אונטער דער שכינה... און צו די הקפות איז מען געגאנגען מיט קליינע ווייס-בלויע פענדעלעך מיט אן עפל מיט א ברענענדיק ליכט אויפן שפּיץ פאָן. און מ׳האָט געטראָגן און געקושט די ספרי-תורות. חנוכה פלעגט מען זיך צוגרייטן ערשטנס מיט קוויטלעך — אליין מאָלן די קוויטלעך — און דאָ האָט יעדערער געוויזען זיין טאלאנט צו מאלן די קוויטלעך און מ׳פלעגט שפּילן אין קוויטלעך און דריידלעך. היינט דאָס חנוכה-געלט און די רעטשענע לאטקעס... איז געקומען פורים זענען מיר ייִנגלעך ביי דער מגילה געווען די הויפט מאכערס מיט אונזערע גרעגערס און ביי יעדעס מאָל וואָס מ׳האָט דערמאנט המן הרשע האָבן אונזערע גרעגערס פארהילכט די שול און קומענדיק אהיים פון שול האָט געוואַרט אויף אונז א סעודה.

דערפאר טאקע פלעגן מיר סטאַווישטשער ייִנגלעך אויסקוקן די אויגן פון איין יום-טוב ביזן צווייטן, אין חדר צו אין תלמוד-תורה און צווישן צייט זענען מיר געווען גאנץ פארטאָן... ווינטער צייט האָט מען זיך געגליטשעט אופן אייז אויף קאנקעס (גליטשערס) ווי אויך אויף די פאדקאַוועס פון די שטיוועלעך. מ׳האָט זיך אויך געגליטשט אויף הילצערנע שליטלעך בארג ארונטער פון זאסלאַווסקים הויז. און די הייזער האָט מען געהייצט די הרובעס מיט סנאָפּעס שטרוי, פון די קוימענעס האָט זיך געשלענגלט א רויך צום הימל. דער פראָסט האָט געברענט אין דרויסן. און אז א ייִנגל האָט געשלעפּט זיין שליטל הינטער זיך פלעגט דער שניי סקריפּען אונטער זיינע פיס.

✶

זומער-צייט פלעגן די ייִדישע סטודענטן פון סטאַווישטש, וועלכע האָבן שטודירט אין די גרויסע שטעט, זיך אומקערן אהיים אויף קאניקולז. צווישן זיי איז אויך געווען מיין עלטסטער ברודער איסאַק. ס׳איז נישט צו באַגרייפן וואָס פאר א דרך-ארץ איך פלעג טראָגן אין זיך פאר אָט די סטאַווישטשער גימנאזיסטן און גימנאזיסטקעס, וואָס פאר א שיינע שטודירנדע יוגנט מיר האָבן פארמאָגט אין סטאַווישטש. צווישן זיי געדענק איך: גדליה און איסאַק לאנדע, הערשל גאראוויץ, איצי שדכן, שכנע שאַכאַנאַוויטש, הערשל ביסידסקי, לייב קובערניק, מוצי וואָלאָדאַרסקי, ברײנע שדכן, ריווע פישלין, גיטל פיינזילבערג, סאָניע ווילפאנד און נאָך אנדערע וועמענס נעמען איך געדענק נישט. ס׳איז געווען שיין צו זען זיי ארומשפּאצירן און שטאָטישן בולוואר אין זייערע

אוניפאָרמעס מיט די גאָלדענע קנעפּ, די היטלען מיט גאָלדענע אָדער זילבערנע הערבן. איך האָב זיי פארגעטערט ווייל זיי זענען געקומען פון די גרויסע שטעט פון יענער זייט האָריזאָנט, פון דער גרויסער אומבאקאנטער וועלט. איך האָב גע־וואָלט וואָס שנעלער אויפוואקסן און דערגרייכן די מדרגה פון א סטאווישטשער גימנאזיסט. נאָר צום באדויערן איז עס מיר נישט געווען באשערט — נישט קיין חדר־יינגל מיט א לאמטערן און שטיוועלעך מיט פּאדקאוועס, און נישט קיין גימ־נאזיסט אין א גרויסער שטאָט וואָס קומט צוריק קיין סטאווישטש אין א אוניפאָרם מיט גאָלדענע קנעפּ...

אביסל איז מיר יאָ באשערט געווען צו ווערן א גימנאזיסט — אמת טאקע אָן א אוניפאָרם אָבער פאָרט מיט א היטל מיט א אייגענער העב־רעאישער קאָקארדע־הערב.

מיין טאטן האָט זיך איינגעגעבן, מיט דער הילף פון א גרופּע, סטאווישטשער, צו גרינדן א יידישע גימנאזיע טאקע ביי אונז אין סטאַ־ווישטש. דער הויפּט־ציל דערביי איז געווען צו האלטן די יוגנט אין שטעטל און זיי זאָלן ניט דארפן פארלאָזן זייערע היימען צו שטודירן. מ'האָט אראָפּגעברענגט לערער פון גאנץ ווייט, אויפגעשטעלט א לאבאראטאָריע פאר פיזיק און אזוי האָט זיך געגרינדעט די ערשטע יידישע גימנאזיע אין דער געגנט ביי אונז אין סטאווישטש. אלע קעגנשטאנדן האָט מען געלערנט אין העב־ראיש. רוסיש האָט מען געלערנט בלויז אלס א שפּראך. וואָס פאר א ווירקונג די געשעעניש האָט געמאכט אין סטאווישטש איז אוממעגלעך ריכ־טיק אָפּצושאצן. צום באדויערן האָט מען לאנג נישט געקאָנט אנהאלטן מיט'ן לערנען — די שרעקלעכע געשעענישן אין אונזער שטעטל האָט צונישט געמאכט דעם ווונדערבארן פּראָיעקט — א טרויעריקער סך־הכל ווי פון'ם אלגעמיינעם לעבן פון אונזער שטעטל און פון די מערסטע אונזערע סטאווישטשער יידן.

*

דער סטאווישטשער עולם איז געווען פאר־נומען ווער מיט מסחר, און די בעלי־מלאכות ביי זייער ארבעט. פון צייט צו צייט פלעגט אראָפּ־קומען א חזן קיין סטאווישטש פון א גרויסע שטאָט און טאקע מיט משוררים אויך. פלעגן די סטאווישטשער יידן גיין אין דער גרויסע שול, ווו די בעלי־מלאכות פלעגן דאווענען, הערן דעם חזן און זיך קוויקן און הנאה האָבן. אזוי געדענק איך איז איינמאָל געקומען אין סטאווישטש דער חזן פינטשיק. זיין זיסע שטימע האָט זיך געטראָגן אזש ביז צום גאָר הויכן דאך פון דער שול, און אויב נישט העכער. איך בין דוקא גאָר מקנא געווען די משוררים. צו זיין א משורר ביי א חזן און ביי אזא חזן ווי פינטשיק איז אוודאי א גרויסע זכיה פאר א יינגל.

פרייטיק פארנאכט האָט מען פארמאכט די קלייטן, אויס מסחר און ארבעט. דאן פלעגט מען גיין אין באָד — פּאוואָליע און בכבודיק איז מען דערנאָך געגאנגען דאווענען. ווער אין שול, ווער אין בית־המדרש, אין דער סאָקאליוווקער, טאלנער, אָדער מאקארעווער קלויז. מיין טאטע, ע"ה, מיט זיינע דריי זין האָבן געדאוונט אין דער ציוניסטי־שער קלויז. פון אונזער הויז איז דאָס געווען א מהלך וועג. פלעגן מיר שפּאצירן ארונטער מיטן שאָסיי און ביי דער באנק זיך פארנעמען רעכטס. איך האָב באזונדער הנאה געהאט פון די שפּאצירן. ארום האָט שוין געהערשט דער שבת.

אין דער ציוניסטישער קלויז זענען די בענק

(שטעט) אויף וועלכע מ'איז געזעסן ביים דאַווּ-
נען, געווען די באַקוועמסטע און די שענסטע,
דאַכט זיך מיר, פון וועלכע מ'איז אַנדערן מקום
קדוש אין שטאָט. און אַז מ'האָט געקוקט צום
ארון קודש צו האָט מען זיך באמת געפילט אין
גאָטס הויז. די בעלי־תפילות אין דער ציוניסטי-
שער קלויז זענען געווען ווי איך געדענק: שעיה
משה, יאנקל סאלגאניק, יאנקל בערדיטשעבסקי,
יאנקל שומסקי און אמאָל אויך ישראל צינים.
יעדערער פון זיי האָט געדאַווענט פאַרן עמוד און
מ'איז געווען זייער איינגענעם צו הערן זייערע
תפילות און אַ ודאי אויך דעם רבונו של עולם...

*

סטאַווישטשער יידן האָבן געלעבט מיט בט-
חון. ווען דער יריד האָט זיך געשטעלט אין סטאַ-
נגישטש איז גאַנץ סטאַווישטש פאַרטאָן געווען
אין מסחר — מ'האָט געקויפט און פאַרקויפט.
מ'איז געווען לעבעדיק, רעשיק און פריילעך. עס
פלעגן זיך צונויף פאָרן די פויערים פון די דער-
פער מיטברענגענדיק מיט זיך זייערע פראָדוקטן
צום פאַרקויפן און אויך פלעגן זיי אַרומוואַנדערן
איבער אידישע קלייטן און זיך איינקויפן סחורות.
זיי פלעגן זיך אויסשטעלן מיט זייערע פערד און
וועגענער איבערן מאַרק־פּלאַץ און אויסלייגען
זייערע סחורות. פון איין זייט מאַרק־פּלאַץ ביזן
צווייטן איז ניט געווען צו געפינען אַ ליידיק
שטיקל אָרט. צווישן די פורן פלעגן זיך אַרומ-
דרייען אונזערע סטאַווישטשער הענדלער און
זוכן פרנסה און מציאות.

דאָס שרייען און דאָס דינגען זיך פון די
קויפער און פאַרקויפער, פון שכורים און בעטלער
מיט זייערע באַנדורעס, די קולות פון וויינענדיקע
קינדער, דאָס הירזשען פון די פערד, דאָס האָור-
קען פון הינט ווי אויך דאָס רעווען פון בהמות —
דאָס אַלעס האָט זיך אויסגעמישט אין איין רעשי-
קער סימפאָניע — דער יריד אין סטאַווישטש.

*

די רעוואָלוציע אין סטאַווישטש איז אָנגעקו-
מען אויף אַזאַ אופן. מ'האָט אָנגעפאַנגען מיט
אַראָפּרייסן די עפּאָלעטן פון די סטראַזשניקעס —
און פון די סאָלדאַטן וואָס זענען דורכגעפאָרן סטאַ-
ווישטש, אויס נאַטשאַלסטווא, אַלע זענען גלייך און
פריי. עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען מיטינגען, מאַני-
פעסטאַציעס און דער עולם האָט מאַרשירט מיט
רויטע פאָנען און אָרקעסטרען. מ'האָט זיך צו-
געהערט צו רעדעס וואָס האָבן צוגעזאָגט אַ
בעסערע און אַ פרייע רוסלאַנד פאַר אַלעמען —
אויך פאַר אונז יידן. עס האָבן זיך באַוויזן אין
שטעטל מיליציע־לייט און יעדער איינער איז באַ-
גריסט געוואָרן מיטן טיטול „טאָוואַרישטש".
טאָג און נאַכט האָבן מענטשן דיסקוסירט איבער
פּאָליטיק. צייטונגען זענען אָנגעקומען פון קיעוו
מיט שרייענדיקע נייעס פון וויכטיקע געשעענישן
אין מאָסקווע און פעטראָגראַד.

די סאָלדאַטן האָבן זיך אומגעקערט פון די
פראָנטן מיט געווער. אַסאַך מאָל פלעגט אַ סאָל-
דאַט קריגן זיין סחורה און גאָרנישט באַצאָלן
ווייל ער האָט געהאַט אַ ביקס אין דער האַנט.

די דאָרפס־גויים האָבן דערשפּירט אַז ענדלעך
איז געקומען די צייט זיך אָפּרעכענען מיט די
גבירים. און דאָס האָט געמיינט די פריצים און די
יידן. איז מען אין אַ פיינעם טאָג — דאַכט זיך
מיר אַז ס'איז געווען אַ יריד־טאָג — באַפאַלן די
גראַפסטווא, צעראַבעוועט און צעבראָכן און אַלץ
פאַרברענט. איך זע נאָך יעצט פאַר מיינע אויגן
— ווען די גראַפסטווא האָט געברענט... מען האָט
אויך צעראַבעוועט און פאַרברענט די גוראַלניע.
בראָנפן האָט מען געטראָגן גאַנצע העמער. די

דאָרף־פויערן האָבן זיך אָנגענומען מיט פעסער בראָנפן און ס'איז געווען צום טרינקען.

עס האָבן זיך פארשפרייט קלאַנגען וועגן באנדעס אין די ארומיקע דערפער און שטעטלעך. מ'פלעגט באפאלן יידישע רייזענדע אויף די וועגן, זיי בארויבעווען און הרגענען. אייניקע פון די געהרגעטע האָט מען געבראַכט קיין סטאַווישטש צו באערדיקן. ס'איז געפאלן א מורא און פחד איבערן שטעטל סטאַווישטש און מ'האָט נישט געוווּסט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

אופן צווייטן טאָג שבועות פארטאָג איז אריין א באנדע קיין סטאַווישטש. דער פירער פון דער באנדע האָט געהייסן זשעלעזניאַק. א שיסעריי אויפן טאַראַשטשער וועג און דאַן אין שטעטל גופא. מיר האָבן דערהערט אויף די טרעפּ לויפן צו אונז אופן גאַנעק און מ'האָט אָנגעפאנגען קלאַפּן אין דער טיר פון קלייט. ווי נאָר מיר האָבן געעפנט די טיר האָבן זיך אריינגעריסן א פּאָר באנדיטן אין הויז אריין, געכאַפּט מיין עלטסטן ברודער איסאַק און מיט די רעוואָלווערן אין די הענט אים געהייסן זיך שטעלן צו דער וואַנט גלייך אים צו שיסן. זיי האָבן אים געהאלטן פאר א באָלשעוויק... מיינע עלטערן און מיר קינדער האָבן אָנגעפאנגען וויינען און זיך בעטן ביי די באנדיטן זיי זאָלן אים לאָזן לעבן. מיין מאַמע איז זיי געפאלן צו דער פיס, דער טאַטע האָט זיי געשטופּט געלט אין די הענט, ביז מ'האָט זיך אָפּגעבעטן ביי זיי — און פאר א סומע געלט האָבן זיי אים געלאָזט לעבן. שנעל האָבן מיר אים אוועק גענומען פונ'ם הויז, ער האָט זיך אויס־באהאלטן ערגעץ אויף א בוידעם. דער הויפּט־באנדיט וואַיצעכאָווסקי איז פארבליבן שטיין ביי אונז אין הויז פאר דער גאַנצער צייט וואָס די באנדע האָט זיך פארהאלטן אין סטאַווישטש. די „זשעלעזניאַקעס" וואָס האָבן אָקופּירט סטאַווישטש האָבן געהרגעט א פּאָר צענדליק סטאַווישטשער יידן. צווישן די געהרגעטע זענען געווען די דענטיסטקע, איצי שדכן, הערשל דעם זאַגאַטאַווושטשיקס אלטע מוטער, און נאָך אנדערע וועמענס נעמען איך געדענק נישט. זיי האָבן ארויפגעלייגט א שווערע קאָנטריבוציע אויף סטאַווישטש, און געפאָדערט מען זאָל זיי צושטעלן א מאַסע פּראַוויאַנט — אנישט וועלן זיי אויסהרגענען די גאַנצע שטאָט. דער רב ז"ל, פּיציע אברהם גאַיסינסקי, מיין טאַטע, ז"ל, און, דאַכט זיך, בנימין פיינזילבערג, ז"ל, האָבן פאררופן אַן אסיפה אין בית־המדרש און האָבן געשאַפן די סומע געלט און פּראַוויאַנט און אַזוי ארום אָפּגעראַטעוועט דאָס שטעטל פון א גרעסערער קאַטאַסטראָפע.

דאָס רוב סטאַוויטשער יידן זענען געלעגן באהאלטן אויף די בוידעמס און אין די קעלערס. אנדערע זענען אנטלאָפן און זיך אויסבאהאלטן ביי פריינדלעכע גויים אויפן דאָרף — ביז די באָלשעוויקעס האָבן פארטריבן די באנדע און סטאַווישטש האָט אָפּגעאָטעמט אביסל פרייער. דאָס שטעטל האָט ווידער אויפגעלעבט אָבער ס'איז שוין נישט געווען קיין רו און מ'האָט נישט געפילט זיכער מיט'ן לעבן מיט יעדן טאָג.

אין משך פון דער צייט זענען דורך סטאַווישטש דורך געגאַנגען א צאָל באנדעס און פון זיי זענען געפאלן יידישע קרבנות. נאָך זשעלעזניאַקן זענען געקומען די סעליאַנער, די מאַכנאָווצעס, די זעליאָנאָווצעס, די פּעטליורצעס און די דעניקינצעס. ווען די באָלשעוויקעס זענען געווען אין סטאַווישטש דאַן איז געווען א שטיקל אָרדענונג און מ'איז געווען כאָטש זיכער מיטן לעבן.

צו אונז זענען דערגאַנגען ידיעות פון דעם

חורבן וואָס די באנדעס האָבן אָנגעמאכט אין די ארומיקע שטעטלעך. טעטיעוו האָט מען אויסגעהרגעט און אינגאנצען פארברענט. אין סאקאליווקע האט מען אויסגעהרגעט די מערסטע יידישע באפעלקערונג. ס׳איז געווען א מורא, אז מ׳וועט שוין אפילו נישט קאָנען אנטלויפן פון סטאווישטש. א קלענערע באנדע פון רייטער אויף פערד זענען איינמאָל א פארנאכט אריין קיין סטאווישטש מיט ביקסן אין די הענט, זיך אויסגעשטעלט אויפן שאסיי קעגן דעם בית־המדרש און געפאָדערט א גרויסע סומע געלט פון די יידן — אנישט וועלן זיי צעשיסן די גאנצע באפעלקערונג. האָבן ווידער די שטאָט־בעלי־בתים צונויפגערופן די יידן אין בית־המדרש און ווידער זיך אויסגעקויפט מיט געלט ביי די באנדיטן. איך זע נאָך דאָס בילד פאר מיינע אויגן ווי א באנדיט האָט ארומגעפירט דעם רב מיט מיין טאטן איבער סטאווישטש צו שאפן דאָס געלט און ראטעווען דאָס שטעטל פון א שחיטה.

מ׳איז ניט געווען זיכער מיט׳ן לעבן פון איין טאָג צום צווייטן. ווי מ׳האָט געטאָגט האָט מען ניט געגעכטיקט. ווי נאָר מ׳האָט דערהערט א שאָס, האָט מען אויף שנעל פארשלאָסן טיר און טויער און מ׳איז געלאָפן זיך צו באהאלטן ווי נאָר די אויגן האָבן געטראָגן... אויף בוידעמעס, אין קעלערס, צו באקאנטע פריינדלעכע גויים. מ׳האָט זיך אויך אויסגעבאהאלטן אין די פעלדער און וועלדער.

אונזער פאמיליע האָט זיך אויסבאהאלטן ביים לערער שטשערבינא וואָס האָט געהאט זיין הויז און שולע לעבן קלויסטער. אין גאָר שלעכטע טעג זענען מיר געלעגן באהאלטן אין זיין גאָרטן.

ווען ס׳האָט זיך פארשפרייט א קלאנג אז די באנדע וואָס האָט פארניכטעט טעטיעוו קומט קיין סטאווישטש זענען מיר מיט אסך אנדערע יידן אנטלאָפן פון שטאָט. ווי נאָר מ׳האָט דערהערט א שיסעריי פון דער ווייטנס — האָבן טאטעס און מאמעס געכאפט זייערע קינדער, און יונג און אלט האָט זיך געלאָזט לויפן צו פוס אויפן וועג קיין ביעלאיא־צערקאָוו. מ׳איז געלאָפן טראָגנדיק אין די הענט וואָס נאָר מ׳האָט געקאָנט כדי זיך ראטעווען מיט׳ן לעבן. פון ווייטנס האָט מען געהערט א שיסעריי און איך האָב אפילו מורא געהאט זיך אומצוקוקן. איך האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט אז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל וואָס איך זע פונדערווייטן סטאווישטש.

✶

מיר האָבן זיך דערשלעפט צום דאָרף אסטראמאגעלע ווו אונזער א באקאנטער רוסישער לערער מאיעסטרענקא האָט געוווינט. ביי אים אין הויז זענען מיר איבערגעשלאָפן די נאכט, פול מיט פחד — ווייל מיר זענען נאָך אלץ געווען צו נאָענט צו סטאווישטש און אין גויישן דאָרף איז א ייד אין יענער צייט נישט געווען זיכער מיט׳ן לעבן. צומאָרגנס האָט מאיעסטרענקא אונז אליין געפירט מיט פערד און וואָגן קיין ביעלאיא־צערקאָוו. אין דער גרויסער שטאָט ביעלאיא־צערקאָוו זענען געווען די באָלשעוויקעס, און מ׳האָט גערעדט אז די באנדע וואָס איז אריין קיין סטאווישטש האָט אונטערגעצונדן די שטאָט.

אין ביעלאיא־צערקאָוו האָט מען נישט געראַבעוועט און מ׳האָט נישט געהרגעט. מיר האָבן אָפגעאָטעמט פרייער. מיר זענען איבערגעשלאָפן א נאכט אָן שיסעריי און אונטער א דאך. מיר האָבן געפילט און געהאָפט פאר בעסערע טעג אין אונזער לעבן...

איסאַק גאָלוב
ניו־יאָרק

# לעצטע דריי יאָר אין סטאַווישטש

מיין פּאָטער סאלאָמאָן גאלוב האָט געהאט אַ פּאַפּיר און ביכער־געשעפט מיט אַ אָפּטיילונג פון מוזיקאלישע אינסטרומענטן, ווי פידלען, באלאלייקעס, גיטארעס, גארמאָניעס און גראַמאָ־פּאָנען מיט פלאסטינקעס. אונזער וווינונג איז געווען צוזאמען מיט אונזער געשעפט. און אזוי ווי די גראמאָפאָנען מיט די פלאסטינקעס האָבן געפּאָדערט אסאך פלאץ האָט די אָפּטיילונג פארנומען נאָך א צימער פון אונזער וווינונג. מיר האָבן געהאט צוויי פּריקאזטשיקעס אין געשעפט און א דינסט פארן הויז.

איך בין געווען דער עלטסטער פון די קינ־דער. איך האָב דעמאָלט געדארפט פארענדיקן אונזער סטאַווישטשער פּירקלאסיקע שולע. די קלענערע צוויי קינדער האָבן געלערנט אין אנדערע שולעס.

דאָס יאָר 1916 אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, די שלאכטן האָבן געפלאקערט אויף אלע פראָנטן און דאָס רוסישע מיליטער האָט געליטן איין מפלה נאָך דער אנדערער. מען האָט געהאלטן אין איין אָפּטרעטן. פוילן און די באלטישע פראָ־ווינצן זענען שוין געווען ביי די דייטשען.

אזוי ווי ביי אונז איז געווען דאָס איינציקע געשעפט פון צייטונגען אין שטאָט, פלעגן אסך מענטשן, ספּעציעל דער אינטעליגענטער טייל פון שטאָט, זיך פארזאמלען ביי אונז אין געשעפט, אויפן גאנעק, און דיסקוטירן וועגן פארשידענע פּראָבלעמען, ליטעראטור, מוזיק, און אויך וועגן דער מלחמה. איך געדענק ווי לוזי דער מלמד, בעני מאשאנייאנסקי און בעני זונקאוו האָבן געפירט די סטראטעגיע פון דער מלחמה ביי אונז אויפן גאנעק, בעסער ווי די רוסישע גענע־ראלן אויף די פראָנטן. זיי פלעגן זאָגן אז פּאָני איז אויף גרויסע צרות און אז ער ליגט גוט אין דרערד. זיי פלעגן אויסרעכענען יעדן שריט און טריט און ווי לאנג עס וועט נעמען צייט ביז די דייטשן וועלן פארנעמען סטאווישטש.

די צייט איז געלאָפן ביז פעברואר 1917. עס האָט זיך אָנגעהויבן צו טומלען אין שטאָט. מען האָט מורא געהאט עפּעס צו זאָגן. דער פּריסטאוו מיטן אוראדניק זענען געווען צעטומלט. אויפן אנדערן טאָג האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז דער רוסישער קייסער ניקאָליי איז אראָפּגעזעצט געוואָרן פון טראָן און זיין ברודער מיכאיל האָט פארנעמען זיין אָרט. באלד דערוווּסט מען זיך אז אויך ער איז אראָפּגעזעצט געוואָרן און דער דומע־דעפּוטאט קערענסקי האָט איבערגענומען די מאכט. און די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעהויבן.

מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס האָט זיך דער־מאָלסט אפּגעטון אין רוסלאנד און אין אונזער שטאָט סטאווישטש. די יידן אין רוסלאנד האָבן באלד געקריגן גלייכע רעכט מיט די קריסטן, פולע פּאָליטישע פרייהייט.

איך האָב דעמאָלט פארענדיקט אונזער שולע. און איך האָב אָנגעהויבן אנטייל נעמען אין דער רעוואָלוציע: מארשירט מיט פענער, געזונגען די מארסיליעזע. מיר האָבן זיך אָרגאניזירט אין סאָציאליסטישן קלוב.

צוזאמען מיט פוירל רובין האָבן מיר אָרגאני־זירט א קלוב חובבי ציון ביי יאנקעל דעם סטעל־

יעמאַכער, ווי מיר פּלעגן זיך פאַרזאַמלען און לייענען ליטעראַטור וועגן ארץ־ישראל, באַלפור דעקלאַראַציע און פון דער פראַנצויזישע רעוואָלוציע.

פוירל רובין איז פאַרהייראַט צו ישראל'יק רובין פון דער קסינדזיפקע נעבן סטאַווישטש. זיי ווינען יעצט אין ווייט־פּליינס, ניו־יאָרק.

ענדע אויגוסט, דאָס זעלבע יאָר, בין איך אוועק געפאָרן קיין טאַראַשטשע שטודירן אין רעאַל־שולע.

נאָך סטאַווישטשער האָבן שטודירט אין טאַראַשטשער רעאַל־שולע. מיט מיר זענען געווען ישראליק אַלפער — מען פלעגט אים רופן ישראל חייזי, — ראובן פישלין — דוד פישלינס זון, — און אהרון באַנדעראַוו.

איך האָב געהערט אַז ראובן פישלינס שוועסטער ווינען יעצט אין תל־אביב. איך געדענק זיי ווי שיינע מיידלעך אין סטאַווישטש.

אהרון באַנדעראַוו איז יעצט אַ דאָקטאָר אין רוסלאַנד.

מוציע־יעקב־יוסף, דעם רב'ס זון, און שלמה רובטשאַנסקי האָבן שטודירט אין דער גימנאַזיע.

איך האָב געהערט אַז מוציע איז יעצט אין ירושלים. שלמה רובטשאַנסקי איז יעצט אין אַמעריקע. ער הייסט דאָ שלמה רובין.

אין אָקטאָבער האָבן די באָלשעוויקעס בראַש מיט לענינען איבערגענומען אין רוסלאַנד די מאַכט. זיי האָבן די קריג פאַרענדיקט און צעלאָזט די אַרמיי. איך געדענק ווי די סאָלדאַטן זענען געגאַנגען אהיים, מיטנעמענדיק מיט זיך וואָס זיי האָבן געקענט, פורן מיט פערד, געווער, מאַשין געווער, און האַרמאַטן.

אין עטלעכע מאָנאַטן אַרום האָט זיך אין קיעוו אָרגאַניזירט אַ אוקראַאינישע רעגירונג מיט ווינישינסקען בראַש, און אָפּרייסנדיק זיך פון רוסלאַנד האָבן זיי פּראָקלאַמירט אַ זעלבסט־שטענדיקע אוקראַאינישע רעפּובליק.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געראַנגל פאַר מאַכט. שלאַכטן האָבן אויסגעבראָכן אין אוקראַינע צווישן די באָלשעוויקעס פון גרויס־רוסלאַנד און אוקראַינע. עס האָט נישט גענומען לאַנג, און די באָלשעוויקעס האָבן פאַרטריבן די אוקראַאינישע אַרמיי פון קיעוו, און פון גאַנץ אוקראַינע.

אָבער לאַנג האָט דאָס נישט אונגעהאַלטן, די אַנטלאָפענע אוקראַאינישע פירערס האָבן מיט דער הילף פון דער דייטשער אַרמיי אָפּגענומען צוריק אוקראַינע און געשאַפן אַ נייע אוקראַאינישע רעגירונג אין קיעוו. די דייטשן האָבן אויך פאַרנומען אונזער שטאָט סטאַווישטש. ביי די דייטשן אין שטאָט איז געגאַנגען נאָרמאַל. די יידן האָבן געפירט גוטן מסחר.

נאָך דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, איז די דייטשע מאַכט אין אוקראַינע צעפאַלן געוואָרן. די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען אוקראַינע און עס איז געוואָרן דעמאָלט פאַר אונז יידן זייער טונקל דאָס לעבן.

עס האָבן זיך געשאַפן אוקראַאינישע באַנדעס קעגן די באָלשעוויקעס. די באַפרייאונג־באַוועגונג פון די באַנדעס קעגן די באָלשעוויקעס זענען געווען געצילט קעגן יידן, יידן זענען „באָלשעוויקעס" און דעריבער מוזן מיר באַצאָלן. נאָך יעדער מפּלה מיט די באָלשעוויקעס האָבן זיי אויסגעלאָזט דעם צאָרן צו אונז יידן. מען האָט געראַבעוועט און געהרגעט.

בעת איך האָב שטודירט אין טאַראַשטשע, פּסח 1918, האָט מען גערעדט אַז אַ פּאַרטיזאַנער באַנדע דערנענטערט זיך צו פאַרנעמען טאַראַשטשע בין איך אוועק צוריק קיין סטאַ־

ווישטש און איך בין פארבליבן דאָרטן ביז מיר זענען אין גאנצען אנטלאָפן פון דער שטאָט. די אָפּגעטרעטענדיקע טאראשטשער באַלשעווי־קעס מיט אסך יידן אין זייערע רייען האָבן פאר־נעמען אונזער שטאָט סטאַווישטש און שטייענ־דיק עטלעכע וואָכן האָבן זיי פארלאָזט די שטאָט. מיר זענען געבליבן אין שטאָט אָן שוץ.

גאנץ פרי דעם צווייטן טאָג שבועות האָבן מיר דערהערט א שיסעריי, און איידער מיר האָבן געוווּסט וואָס עס קומט פאָר, איז אונזער שטאָט פארנומען געוואָרן פון דער באנדע, וואָס איז אנטלאָפן פון טאראשטשע. עס זענען אריין אין שטאָט עטלעכע טויזנט באנדיטן.

אין דער שפּיץ פון דער באנדע זענען גע־שטאנען צוויי באנדיטן, זשעליזנאק און וויטסע־כאָווסקי. צווי סטאַווישטשער יידן זענען באלד געפאלן פון די מערדערס, דוד פון דער טשאַח־רייקע און בן־ציון בתיה־לאה׳ס, האָבן באצאָלט מיט זייערע לעבנס.

עטלעכע באנדיטן מיט ביקסן אין די הענט זענען אריין צו אונז אין הויז, שטעלנדיק מיך צו דער וואנט, זענען געווען גרייט מיך צו דערשיסן, זיי האָבן געשריגן, אז איך בין א קאָמוניסט. מיין באָבע ביילה מיט מיינע עלטערן זענען גע־פאלן די באנדיטן צו די פיס, געקושט זייערע הענט, בעטנדיק זיי ניט צו איילן ביז זיי וועלן אויספאָרשן גרונטלעך צו איך בין א קאָמוניסט. איך בין דעמאָלסט אלט געווען 16 יאָר, און געוווּסט פון קאָמוניזם, ווי ארקע פון סטאַווישטש האָט געוווּסט פון רבנות. מיין פאָטער האָט זיי פאָרגעשלאָגן געלט וויפל זיי ווילן. הערנדיק געלט, האָבן זיי באקומען ווייכע הערצער, און האָבן איינגעשטימט צו וואַרטן אויף א אויספאָרשונג. מיין ליבע מוטער איז גרוי געוואָרן יענעם טאָג.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אז מען האָט אויך ארעסטירט מוצין־יעקב־יוסף, דעם רב׳ס זון. מען האָט אים אויך באשולדיקט אין קאָמו־ניזם, און מען זוכט אויך ראובן פישלין, וועלכער איז געווען פארבאהאלטן ביי דעם פעשינקער גלח לייאשעוויטש. דעם גלח׳ס קינדער גע־ווען באפריינדעט מיט ראובנען. נאָך א טאָג פון ליידן האָט די שטאָט ארויסגעראטעוועט מוצין פון זיכערן טויט.

יענעם טאָג האָט מען אריינגעטריבן יידן אין בית־המדרש. איך געדענק אז ווען איך בין אריין אהין מיט מיין פאָטער איז שוין קיין פלאץ נישט געווען ווו צו שטיין. די באנדיטן האָבן ארומגע־רינגלט די געביידע האלטנדיק די ביקסן אין די הענט, זיי האָבן געפאָדערט א ריזיקע סומע געלט, לעדער, עסנווארג, און אז די יידישע געמיינדע זאָל ארויסגעבן אלע יידישע קאָמוניסטן.

זעלבספארשטענדלעך, ביי אונז אין סטאַווי־שטש האָבן מיר נישט געהאט קיין שום יידישע קאָמוניסטן. די היימישע גויים האָבן אנגעוויזן אויף חיים־מאיר דער וואסער פירער׳ס איידעם, אז ער איז א קאָמוניסט. ער האָט באצאָלט דער פאר מיט זיין לעבן.

איך געדענק ווי אונזער באליבטער רב פּיצי־אברהם מיט א קאָמיטעט וואָס איז באשטאנען פון די פּראָמינענטסטע מענטשן פון דער שטאָט: מיין ליבער פאָטער שלמה גאלוב, בנימין פיינ־זילבערג, ראובן יאגובסקי, שלום טריפּאלסקי, יעקב סמושקין און אנדערע, וואָס איך געדענק נישט זייערע נעמען, האָבן זיך באמיט צונויפ־שטעלן די פאָדערונג פון דער באנדע. איך בין געווען א גאנצע טאָג מיט מיין פאָטער אין בית־המדרש. מיר האָבן געוווּסט אז אויב מען וועט נישט שאפן דאָס וואָס זיי פארלאנגען וועט מען

אויסהרגענען יעדן איינעם אין שטאָט, ווי דאָס האָט פּאַסירט, ווען די זעלבע באַנדע האָט פאַרלאָזט אונזער שטאָט, און אָנגעקומען קיין סאָקאָליווקע, זיי האָבן דאָרטן אויסגעהרגעט אינגאַנצן דאָס יונגוואַרג, ווייל מען האָט זיי נישט געגעבן אַזוי שנעל וואָס זיי האָבן געפאָדערט.

דער קאָמיטעט פון אונזער שטאָט האָט אוועקגעגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט, און אַזוי האָט מען אָפּגעראַטעוועט די שטאָט. די באַנדיטן זענען געשטאַנען אין אונזער שטאָט אַ וואָך צייט.

די באָלשעוויסטישע כוחות האָבן אָנגעהויבן אַרומרינגלען אונזער שטאָט, און די באַנדע האָט געמוזט אָפּטרעטן. פאַרלאָזנדיק די שטאָט האָבן זיי געהרגעט 20 מענטשן. אַ שלאַכט איז אויסגעבראָכן געוואָרן פון יענער זייט שטאָט. די באַנדע האָט אָנגעהויבן צוריק קומען אין שטאָט אַריין. איך געדענק יענעם טאָג, ווי מיר האָבן דערזען אַז די באַנדיטן קומען צוריק אין שטאָט, האָט יעדער איינער פון גרויס ביז קליין, פון יונג ביז אַלט, אָנגעהויבן צו אַנטלויפן פון שטאָט, איבערלאָזנדיק אַלעס וואָס יעדער איינער האָט פאַרמאָגט. מען איז געלאָפן זיך ראַטעווען דאָס לעבן, עס איז געווען אַ שרעק צוקוקן. טויזנטער יידן זענען געלאָפן אויף די וועגן. מיינע עלטערן, מיין באָבע חיהלה בעראַזי, און מיר קינדער זענען געלאָפן אויפן וועג וואָס פירט קיין ביעלאַיאַ־צערקאָוו. אַנדערע זענען געלאָפן קיין וואָלאָדערקע.

אָפּזייענדיק אין ביעלאַיאַ־צערקאָוו אַ צען טאָג, זענען מיר צוריקגעקומען קיין סטאַווישטש. אין שטאָט זענען געווען געציילטע מענטשן. ביסלעכווייז זענען אָנגעקומען צוריק אַלע אַנוווינער פון דער שטאָט.

פון יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע. עס האָבן זיך אָרגאַניזירט באַנדעס פון צענדליקער, הונדערטער און מער, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די יידישע איינוווינער אין די קליינע שטעטלעך. די באַנדעס האָבן זיך אָנגעגעבן אַלערליי נעמען. זייער פּראָגראַם, האָבן זיי געזאָגט, איז צו באַפרייען אוקראַינע פון די באָלשעוויקעס. דאָס איז זעלבספאַרשטענדלעך, נאָר געווען אַ אויסרייד. זיי פלעגן ראַבעווען, פאַרניכטן און הרגענען וועמען זיי האָבן געוואָלט.

איך געדענק אַז אַ באַוואָפנטער באַנדיט, אָנגעטאָן אין אַ פעטלורע־מונדיר איז אַריינגעפאָרן, רייטנדיק אויף אַ פערד אין אונזער שטאָט, און געפאָדערט דרייסיק טויזנט רובל, זאָגנדיק, אַז אויב ער וועט דאָס ניט קריגן, וועט ער מיט זיין באַנדע, וואָס שטייט פון יענער זייט שטאָט פאַרניכטן יעדן איינעם. ער איז געזעסן אויף זיין פערד, מיט זיין ביקס אין האַנט, געקוקט אויף דעם בית־המדרש און געוואַרט אויף דעם וואָס ער האָט געפאָדערט.

זעלבספאַרשטענדלעך, ער האָט געקריגן די סומע געלט. דער באַנדיט מיט דער סומע געלט האָט פאַרלאָזט די שטאָט. אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז דער באַנדיט האָט נישט געהאַט קיין באַנדע מיט זיך און ער אַליין האָט אויסגענאַרט פון דער שטאָט די געלט.

איך וויל דאָ באַמערקן, אַז דער שרעק איז געווען אַזוי גרויס אויף דער יידישער באַפעלקערונג, אַז מען האָט אַלץ אָפּגעגעבן וואָס מען האָט געהאַט כדי זיך אויסקויפן דאָס לעבן.

איין באַנדיט האָט אָפּגענאַרט אַ גאַנצע שטאָט.

די יאָרן 1917 און 1918 זענען געווען פול מיט אַזעלכע איבערלעבונגען. איין באַנדע איז אַרויס, די אַנדערע איז אַריין אין שטאָט. מען

האָט געראבעוועט און געהרגעט. גליקלעך זענען געווען יענע, וואָס זענען געבליבן לעבן. די שטאָט סטאווישטש איז פאראָרעמט געוואָרן. אַ סך מענטשן זענען געפאלן קרבנות.

איך געדענק א זומערדיקן פארנאכט, א טומל, א שרעק אין שטאָט. מען האָט געזאָגט אז א באנדע פון באָלשעוויקעס מיט א אָנפירער קאראניעווסקי איז הינטערן שטאָט.

סטאווישטשער יונגעלייט האָבן געפאָדערט זיך שטעלן קעגן דער באנדע, וואָס איז באשטאנען פון א צענדליק זעלנער. זיי האָבן געטענהט אזוי ווי די שטאָט פארמאָגט עטלעכע ביקסן וועט מען דאָס מאָל קענען פארהיטן די שטאָט.

א סך מענטשן זענען געווען פארזאמלט אין גאס. איך בין געשטאנען מיט מיין ליבן פאָטער. מען האָט זיך באראטן וועגן דער לאגע. פלוצלינג האָבן מיר דערהערט ווילדע געשרייען און שיסעריי. מיר האָבן דערזען די באנדיטן רייטנדיק אויף פערד אין שטאָט אריין. יעדער איינער האָט אָנגעהויבן צולויפן. איך מיט מיין פאָטער האָבן שוין נישט געהאט קיין מעגלעכקייט אריין צוריק אין אונזער הויז, האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן ביז מיר זענען אריין אין א אָפגעברענטע הויז. מיר זענען געלעגן שטיל אויף דער ערד כדי מען זאָל אונז נישט באמערקן. מיר האָבן געזען די באנדיטן דורכלויפן יעדן מאָל ביי דער הויז. זיי האָבן אונז נישט באמערקט. מיר האָבן געהערט א גאנצע נאכט געשרייען און שיסעריי. אויף צומאָרגנס האָבן מיר זיך דערוווסט אז די באנדיטן האָבן געראבעוועט, געשלאָגן, און געהרגעט צוועלף סטאווישטשער מענטשן. יענע נאכט האָט מען געהרגעט די איינציקע סטאווישטשער דענטיסטקע וואָס מיר האָבן פארמאָגט אין סטאווישטש. נאָך דער שרעקלעכער שחיטה, האָט מען אָרגאניזירט אין שטאָט אן אָפטיילונג פון יונגעלייט צו באוואכן די שטאָט ביינאכט. מען האָט דאָס אָנגערופן מיטן נאָמען „האבכאד״.

איך געדענק אייניקע יונגעלייט וואָס האָבן געטראָגן די פאראנטוואָרטלעכקייט פאר דער אָרגאניזאציע, לוזער גאָלדיטש, לייב סמושקין, בענטשעק גאָלדיטש, יוסף גלאנץ, יחיאל סניזשעטסקי. די אויבנדערמאנטע זענען יעצט אין באָסטאָן. דוד זאסלאווסקי, משה מנות מאריאנאווסקי, ישראל רובין — זענען אין ניו-יאָרק. אחוץ די וואָס איך האָב דאָ דערמאנט זענען נאָך געווען סטאווישטשער יונגעלייט, צום באדויערן געדענק איך נישט זייערע נעמען.

מיט דער צייט האָבן מיר געהאט אין אונזער שטאָט אנדערע איבערלעבונגען. די באָלשעוויסטישע ארמיי וואָס איז אָפגעטרעטן פון קרים, איז דורכגעגאנגען אונזער שטאָט, זיי האָבן קיין איינעם נישט געטשעפעט. אויך, ווען די דעניקינצעס זענען אָפגעטרעטן פון אוקראינע לויפנדיק קיין אָדעס, זענען טויזנטער דורכגעגאנגען אונזער שטאָט סטאווישטש, זיי האָבן אויך קיינעם נישט אָנגערירט.

פון דעם ביישפיל, קענען מיר זען דעם פאקט, אז לרוב זענען מיר יידן אין די קליינע שטעטלעך פארניכטעט געוואָרן פון די אוקראינישע באנדעס, וואָס אלע יאָרן זענען זיי געווען אנטיסעמיטן, און זיי האָבן אונז אלעמאָל פיינט געהאט. די גרויסרוסן האָבן אויף אונז געקוקט אנדערש. און אויב עס איז נאָך פארבליבן יידן פון די שרעקלעכע פאָגראָמען אין אוקראינע דארפן מיר דאנקען גרויס-רוסלאנד, וואָס זיי האָבן אונז געראטעוועט, די פארבליבענע יידן.

איך געדענק ווען אין שטאָט איז אריין טיטיוניק מיט א באנדע פון עטלעכע טויזנט מאן.

מען האָט זיי אוועקגעגעבן, דאָס וואָס די שטאָט האָט נאָך פאַרמאָגט. מיין פאָטער מיטן קאָמיטעט, האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט, ביז מען האָט צוגעשטעלט וואָס די באַנדע האָט געפאָדערט. פאַרלאָזנדיק די שטאָט האָבן זיי געהרגעט איינעם א סטאַווישטשער, ער איז געווען א קערזשנער, זיין נאָמען געדענק איך נישט.

מיר האָבן זיך געהאַלטן אין אונזער שטאָט ביז די היימישע גויים האָבן אָנגעהויבן אַרויס־טרעטן קעגן אונז, יידן. דאַמאָלסט איז אַלעם געווען פאַרשפּילט. עס איז נישט געווען מער קיין פּלאַץ ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. מען האָט געמוזט זיך ראַטעווען, אַנטלויפנדיק אין די גרויסע שטעט, ווו עס האָט געהערשט די מאַכט.

נישט ווייט פון אונזער שטאָט האָבן די היי־מישע גויים אַרומגערינגלט די שטאָט טעטיעוו. מען האָט אויסגעהרגעט אַלע יידישע איינוווינער און פאַרברענט די שטאָט. די שטעט פּיאַטער און זשאַשקאָוו זענען אויך פאַרניכטעט געוואָרן.

פאַר אונזער פאַמיליע איז גאָרנישט געבליבן וואָס צו טון. מיר האָבן אַלץ איבערגעלאָזט און מיר זענען אַנטלאָפן קיין אָדעס.

אין א פּאָר וואָכן שפּעטער איז אונזער שטאָט פאַרברענט געוואָרן און א סך סטאַווישטשער יידן זענען דערהרגעט געוואָרן. איך האָב באַ־געגנט אין אָדעס פיעל סטאַוויטשער מענטשן וואָס האָבן זיך אויך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם פייער.

מיר האָבן זיך גוט אָנגעמוטשעט אין אָדעס, ביז מיר זענען אוועק פון רוסלאַנד, נאָך מאַנאַטן זיך וואַלגערן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער זענען מיר אָנגעקומען קיין קישינעוו, דאַמאָלס־דיקע רומעניע. מיר זענען דאָרטן געווען צוויי יאָר ביז מיר האָבן געקריגן א מעגלעכקייט צו־קומען קיין אַמעריקע.

אונזער פאַמיליע איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין דעצעמבער 1922.

מיין טייערע מוטער ביילע גאַלוב האָט גע־לעבט ביז אויגוסט 1951. מיין ליבער פאָטער האָט אויך דערגרייכט דעם הויכן עלטער און האָט געלעבט ביז פעברואר 1960.

איך און מיינע צוויי יינגערע ברידער, יאַני און סוני ווינען יעצט מיט אונזערע פאַמיליעס אין ניו־יאָרק.

אהרן שוחט (אַרטור שעכטער)
גראַנד־ראַפּידס

# אויס מלמד...

אין יאָר 1906 בין איך שוין געווען א בחור פון גאַנצע 13 יאָר. געפּרוּווט לערנען אַליין, אָבער שוין זיך אַרום געטראָגן מיטן געדאַנק פון פאָרן קיין אַמעריקע, אָבער ס׳איז עפּעס ניט געגאַנגען. דאַרף מען דאָך עפּעס טון מ׳זאָל ניט אַרומגעען פּוסט און פּאַס.

געוווינט האָבן מיר דאַמאָלס ביי טאָדרעס דעם פעלצען־קירזשנער, טאָדרעס האָט געהאַט אַ זון, איצי, און האָט זיך מתחתן געווען מיט ישראל פונם כוטאָרס אַ טאָכטער, פייגע. זי איז געוואָרן איציס כלה. צום קנסמאַל, פאַרשטייט זיך, זענען מיר אַלע שכנים געפאָרן אויפן כוטאָר. איך

געדענק, מיר איז אויסגעקומען צו פאָרן אויף איין פור מיט אונזער רב ע"ה, וואָס מען האָט גערופן, פיצי אברהם. פאַרפירט ער מיט מיר א שמועס — ווו לערן איך? — און אז איך זאָג אים, אז איך לערן שוין ניט, קלויב זיך פאָרן קיין אמעריקע און דערווייל טו איך גאָר ניט. רופט ער זיך אָן צו מיר — דו ווייסט, אז יענעם עפעס לערנען איז אויך א גרויסע מצוה. נאָכדעם קוקט ער זיך ארום, ער וויל ניט, ווייזט אויס, עמיצער זאָל הערן, דו ווייסט — זאָגט ער — די כלה צו וועמענס קנסמאָל מיר פאָרן איצט קאָן ניט דאווענען, זי האָט אויך אַ יינגערע שוועסטער וואָס קאָן נעבעך אויך ניט דאווענען, איז אויב דו ווילסט וועל איך איבער-רעדן מיטן טאטן און אויך מיט ישראלן, און די קאָנסט דאָ בלייבן א מלמד, וועסט קריגען באצאָלט און וועסט אויך האָבן א מצוה. פארשטייט זיך, אז איך האָב זיך אָנגעכאפּט אין אזא גאָלדענעם פלאן: ערשטענס, פארדינען געלט, ווערן א זעל-בסטשטענדיקער מענטש; צווייטנס, זיין אין אַ דאָרף מיט א שיינער נאַטור, ווי איך האָב נאָך ביז איצט אזוי ליב. האָב איך געבעטן דעם רב ער זאָל טאקע באלד, ווי מיר וועלן דאָרטן קומען מאכן דאָס געשעפט.

דער געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן: איך בלייב אויפן כוטאר. מילא, אין דער נאכט פון קנס-מאל בין איך געווען אין זיבעטן הימל. צו-מאָרגנס נאָכן קנס-מאל האָב איך געכאפּט א קוק אויף מיינע צוויי תלמידות, וואָס זענען געווען גרעסער, שטארקער פון מיר, האָט מיך אַ ביסל אָנגעכאפּט א פחד... איך האָב זיך טאקע ניט גענארט: דעם ערשטן טאָג האָבן זיי אפילו ניט געוואָלט אויף מיר א קוק טון, דעם צווייטן טאָג האָט דער טאטע ר' ישראל געפועלט ביי דער כלה זי זאָל צוגיין צים טיש, כאָטש אַ קוק טון אויפן רבי'ן, אויב ניט אויפן סידור. דעם דריטן טאָג האָט די שוועסטער, מיר דאכט, אז איר נאָ-מען איז געווען, נעכע, האָט ארויסגעשלעפּט די כלה אין דרויסן זיך שפּילן מיט די שיקסעס. זיי האָבן עפעס אָפּגעלאכט אין אוקראַיניש פון דעם זשידיוווסקין ראבין. פאר גרויס בושה האָב איך זיך צעוויינט. און ווען רב ישראל פון כוטאר האָט מיך געפרעגט פארוואָס איך לערן ניט מיט זיינע טעכטער, האָב איך אים דערציילט, אַז זיי לאכן פון מיר, ווילן ניט לערנען.

האָט ער מיר געזאָגט, אז מיט גוטן וועל איך מיט זיי גאָר ניט מאכן. אָ מלמד — האָט ער דערקלערט — דאַרף זיין שטרענג, און אויב נוי-טיק אפילו דערלאנגען א פאטש... נו, מילא, עס רעדט זיך אזוי „א פאטש". די ערשטע איז א כלה-מויד; די צווייטע א גרויסע געזונטע מויד. דער געדאנק אליין וועגן זיי האָט מיך שוין דערשראָקן.

פון דעסטוועגן האָב איך אין געדאנק אָפּגע-האלטן א נצחון. — איך בין פאָרט אַ אווטאָריטעט, איך מעג אפילו געבען א פאטש...

אויפן 4-טן טאָג האָב איך אָנגעהויבן פאָדערן פון מיינע תלמידות גאנץ שטארק, זיי זאָלן אריינ-געען לערנען. די כלה האָט געהאט א קליין ביסל דרך ארץ, אפשר צוליב מורא מען זאָל ניט געוויר ווערן ביי דעם חתן, איז זי אריינגעקומען, געזעצט זיך צום טיש.

איר שוועסטער, נעכע,האָט פאר קיין פאל ניט געוואָלט, און כאָטש זי איז געווען גרעסער פון איר שוועסטער און אפילו שענער. האָב איך זיך אָנגעקומען מיט מוט, איך בין ארויס אין דרויסן און זי גענומען שלעפן אין שטוב אריין.

און עס איז דערגאנגען צו א פאטש. אָבער

וויסט איר ווער עס האָט געכאַפּט אַ פּאַטש? — איך, דער רבי, און דווקא אַ פֿייערדיקן פּאַטש פֿון אַ גרויסע, געזונטע מויד. פֿאַר גרויס בזיון, און אפשר אויך פֿאַר מורא פֿון אַריינכאַפּן נאָך עטלעכע פּעטש, בין איך טאַקע באַלד אַוועק אַהיים צו פֿוס.

אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט מיין קאַריערע — געוואָרן אויס מלמד...

## איציקל

איציקל — „איציקל דער משוגענער" — האָט מען אים גערופֿן, אייגענטלעך איז ער ניט געווען קיין משוגענער. ער איז געבליבן ביים קינדערשן שכל. געווען איז ער געבויט גרויס און שטאַרק, וווּנדערבאַרע שוואַרצע אויגן, אַ שוואַרצע באָרד, און שטענדיק געלאַכט, שטענדיק זיך געפֿרייט. מיט איין זאַך האָט מען אים געקאָנט אַריין ברענגען אין כעס. ער פֿלעגט העלפֿן משה דעם טאַנדייטניק אַרויס טראָגן בערג מיט קליידער אויפֿן יריד. דערפֿאַר האָט ער געקראָגן אַ מאַלצייט. דאָס וויכטיקסטע ביי אים איז אָבער געווען דאָס, וואָס מען פֿאַרלאָזט זיך אויף אים מיט אַזאַ איידעלע אַרבעט. און אַז חברה לצים האָבן אים געוואָלט אויפֿרייצן, פֿלעגט מען אים זאָגן: איציקל, דו ווייסט, משה דער טאַנדייטניק וויל ברענגען אַ נייעם משוגענעם אויף דיין אָרט! איציקל פֿלעגט דאַמאָלס ווערן ווילד און מיט טרערן אין די אויגן פֿלעגט ער נעמען שרייען, שעלטן, אַז ער וועט קיין נייעם משוגענעם ניט צולאָזן.

איציקל האָט אויך געהאַט עפּעס אַזאַ אינערלעכן חוש זיך צו דערוויסן ווו עס איז ערגעץ דאָ אַ שמחה אין שטעטל, פֿון אַ חתונה איז דאָך אָפּגערעדט אַ ברית אַ קנס־מאָל, און אפֿילו אַ געווענלעכער קידוש. זיין אינסטינקט פֿלעגט אים שוין אינטערזאָגן. ער איז גלייך אויסגעוואַקסן געוואָרן צווישן די געסט, שטענדיק געלאַכט מיט זיין ווילדן געלעכטער, געטרונקען לחיים מיט די יידן, געמאַכט משוגענע באַמערקונגען, און אָפּטמאָל אַרויסגעזאָגט קלוגע ווערטלעך, וואָס מען האָט נאָך דעם נאָכדערציילט איבערן שטאָט און געלאַכט.

געדענק איך איין מאָל אַז דער גביר פֿון יענער צייט אין שטעטל האָט חתונה געמאַכט אַ קינד. פֿאַרשטייט זיך, צום קידוש איז איציקל ווי שטענדיק, געווען דער גביר און מחותן, מאָטל זאַסלאַווסקי, האָט אים צוגערופֿן און געזאָגט: איציקל, האָט האָסטו אַ גלעזל בראָנפֿן, און טרינק מיט מיר לחיים! איציקל האָט אָנגענומען דעם גבירס האַנט און געזאָגט: לחיים רב מאָטל! וואָס זאָל איך אייך ווינטשן? אַז רייך זענט איר שוין; געזונט, קיין עין הרע, זענט איר אויך; נחת פֿון קינדער האָט איר אויך — בלייבט מיר נאָר אייך צו ווינטשן איין זאַך: גאָט זאָל געבן, אַז איבער אַ יאָר פֿון היינט, זאָלט איר איבערגיין אויף מיין שכל, און איך אויף אייער שכל... דער געלעכטער פֿון אָט דער חכמה איז פֿאַרשטייט זיך געווען זייער גרויס. קיינער איז ניט געוואָרן ברוגז אויף איציקלען, אפֿילו ניט דער גביר.

אָט דעם איציקלען האָבן די דייטשן דערשאָסן נאָך דער וועלט־מלחמה.

ווייזט אויס אַז די דייטשן אפֿילו פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אויך אויסגעפֿעלט הומאָר. זיי זענען אויף איציקלען ברוגז געוואָרן, פֿאַרוואָס ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט ווען זיי האָבן אים בעפֿוילן...

אהרן ווייסמאַן
תל-אביב

# אַ בינטל זכרונות



אליין בין איך ניט קיין סטאַווישטשער — מיין שייכות צו דעם שטעטל נעמט-זיך דערפון וואָס מיין פאָטער, אויך מיין פרוי — זכרונם לברכה — זענען געווען געבוירענע סטאַווישטשער. איך געדענק אָבער דאָס שטעטל, ווייל כ'בין געווען דאָרט יינגעלווייז א פאָר מאָל צוגאַסט ביי מיין זיידן — שמואליק משה-לייזערס מיט דער באבע יהודית ז"ל. דער זיידע, זאָל ער מיר מוחל זיין, איז געווען א קנאפער סוחר, דערפאַר אָבער איז די באבע געווען א בכבוד'יקע קלוגע סוחר'טע און געפירט א פיין גאלאנטעריע-געשעפט מיט דער הילף פון איר יינגערן זון אברהם — דעם רויט-בערדיקן און זייער פרומען.

ווי אזוי איז מען דאמאָלס געפאָרן? ס'פאַר-שטייט-זיך אז מיט דער פור. די שטרעקע פון מיין געבורט'ס שטאָט — אומאַן — ביז סטאַ-ווישטש איז געווען 70 וויאָרסט — איז מען געפאָרן א גאנצן מעת-לעת און אונטערגענעכ-טיקט אין א קליין שטעטעלע סאקאליווקע אָדער קאנעלע.

די רייזע געדענק איך ביז צום היינטיקן טאָג, איבערהויפט די באלאגאָלעס (בעלי-עגלות). איי-נער פון זיי מיטן נאָמען „ברוך שאמר" און דער צווייטער — — „עולם הבא"...

פילאָלאָגיש האָט דאָס געזאָלט הייסן אזוי: דעם ערשטנס נאָמען איז געווען ברוך — האָבן די סטאַווישטשער לצים צוגעגעבן דאָס וואָרט „שאמר" ס'זאָל זיין ווי מיר זאָגן אין סידור „ברוך שאמר"... דער צווייטנס נאָמען איז געווים געווען אבא — ריכטיג איז אברהם-אבא — איז ווי באלד אזוי קומט אים על פי שכל דער צונאָמען „עולם הבא" — און אזוי איז פארבליבן...

איינמאָל, ווען איך בין געווען נאָך גאָר א יונג יינגל, האָב איך דערזעען אין איינעם א פרימארגן אָנקומען קיין אומאן די פור פון סטאַווישטש. איך בין גלייך געלאָפן אנטקעגן און אויסגעשריגן: רב ברוך שאמר, אפשר האָט איר געבראכט א בריוו פון מיין זיידן? (די באלאגאָלעס זענען געווען אויך די פאָסט פירערס און מיר האָבן דורך זיי באקומען בריוו).

— ווער ביזטו דען, יינגעלע?

— איך בין חיים-שמואליק-משה-לייזערס א זון — האָב איך געענטפערט.

— ניין, יינגעלע, דאָס מאָל איז ניטאָ -- אַ אנדערש מאָל!

מיט עולם-הבאָ'ן האָב איך געהאַט די ערע צו פאָרן קיין סטאַווישטש און צוריק. דאָס געזיכט פונם בעל-עגלה האָט זיך ביי מיר אין משך פון דער צייט פאַרטווישט — איך געדענק אָבער דעם „געשפאַן" און דעם „רייטוואָגן". דאָס איז געווען א גרויסע גוי'אישע פור וואָס איז געוואָרן פאַריידישט און „געהאַט דעם זיבעטן חן". פאָרנט, דער „אויבן-אָן", איז געווען אויסגעבעטט מיט א ביסל שטרוי צוגעדעקט מיט א שמאַטע. אונטער א „בויד" פון אלטע געלאַטעטע זעק — דאָרט זענען געזעסן די חשוב'ע בעלי-בתים. אנטקעגן זיי זענען געווען אָנגעזעצט ווי הינער אין א שטייג פשוט'ערע יידן, ווייבער, מיידלעך, און ביי ביידע זייטן פונם וואָגן מיט די פיס אויף דריינגלעך אָנגעבונדענע מיט שטריקלעך, איז געזעסן „עמך". אלע מאָל איז צוגעקומען א פרישער „פאַרשוין" און ערשט אויסער דער שטאָט האָבן זיך ארויפגעכאַפּט אויף דער פור נאָך אייניקע פאַרשוינען... נישקשה, ס'ניט געקומען חלילה צו קיין סקאַנדאַל... במילא פון דעם פאָרן האָט ארויסגעטרעסלט די נשמה און די פּאַסאַזשירן האָבן אָפּגעאָטעמט און זיך אויסגעגלייכט די ביינער ווען מ'איז זיך אביסל דורכגעלאָפן אויפן פרייען פעלד, ווער שמועסט ווען ס'געווען אין דרויסן טרוקן... אגב, האָט מען אזוי ארום מחיה געווען די אָרימע פערדלעך וואָס האָבן שווער געסאַפּעט און געשאָקלט מיט די עצבות'דיקע קעפּ...

פון אלע זייטן פון וואָגן זענען געווען אָנגעהאָנגען פאַרשידענע פעקלעך, קעסטלעך, קאָרבן, קוישן גרויסע און קליינע אָנגעפּילטע: פאָרנדיק פון אומאַן קיין סטאַווישטש מיט אלערליי סחורות און פון סטאַווישטש — מיט דער „פּראָדוקציע" פונם שטעטל — גענזענע שמאַלץ און — — גריוון. די סחורה האָט סטאַווישטש עקספּאָרטירט קיין אומאַן און אין אנדערע שטעט, אפילו קיין אָדעס.

פונם שטעטל גופא האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון דער „בולוואר" — א שיינע לאַנגע אַלעע פאַר דער גראַפסטווע. סטאַווישטש איז געווען דאָס אייגענטום פון דעם גראַף בראַניצקי און דאָרט האָבן געוווינט די „פּריצים" וואָס האָבן פערוואַלטעט מיט די גיטער פונם גראַף. אין דעם בולוואר פלעגן גיין שפּאַצירן די יוגנט, און שבת אָדער יום-טוב — אויך עלטערע יידן און ווייבער „שעפּן לופט"...

סטאַווישטש האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט דער — — ציוניסטישער קלויז. „פיינע" בעלי-בתים, מער אויפגעקלערטע, איידעלע איידעמלעך און סתם „אינטעליגענטן" האָבן זיך אויפגעשטעלט זייערס א בית-מדרש. דאָס איז געווען צו יענער צייט א גרויסער פאָרשריט, ווייל ס'רוב יידן זענען געווען קעגנערס פון ציוניזם...

✶

איך געדענק גוט דעם סטאַווישטשער מלמד וואָס האָט געקנעלט אין אומאַן. איך האָב געלערנט ביי אים צוויי „זמנים" חומש מיט רש"י. ער האָט געהאַט א הייזעריקע שטימע און מורא'דיק אויסגעסטאַרטשעטע אויגן, אָבער איז געווען זייער א גוטער — ער האָט קיינמאָל ניט געשלאָגן זיינע תלמידים. עס שיינט אז ער האָט אפילו ניט געהאַט קיין קאַנטשיק... ווען מיין פאָטער ע"ה פלעגט צוריקקומען פון א באַזוך קיין סטאַווישטש איז דער מלמד — שמעון-בער האָט ער געהייסן — געקומען אָפּגעבן אים שלום-עליכם, און די ערשטע פראַגע זיינע איז געווען: „ווער איז געשטאָרבן אין סטאַווישטש?"..

דאָס איז מיין בינטעלע זכרונות פון סטאַווישטש — א ווויל שטעטעלע מיט טייערע יידן.

בתיה אורלנד
תל־אביב, ישראל.

# צו מיין שטעטעלע סטאווישטש

מיט גרין זאפטיקע צווייגען אויף בוימער אין וואלד,
וועגן צעשפרייטע מיט זאמד ווי גינגאלד,
שטיבלעך ווייסינקע מיט שטרוי קוים־פארדעקט
שטייט איינזאם מיין שטעטעלע אין עק־וועלט פארשטעקט.

אין די פריע פארנאכטן פלעגן ווינטן דאָרט ווייען
אַ סטאדע מיט ציגעלעך פלעגן גראָזלעך צעקייען
די ערד איז מיט גארבן פול תבואה פארזייט
די לאנקעס, די קוסטן מיט גרינגראָז באקליידט.

זאָרגלאָז שפאצירן די גויים אין גאס
ערגעץ דערשראָקן טרייבט בחור און מיידל א שפאס
הכנעהדיק ציט־זיך דער קהל פונם שול
און דער אלטיטשקער מילנער פארשליסט שוין די מיל.

מיין עלענד שטעטעלע, מיין היים און מיין וויג,
מיין פריידיקע יוגנט, נאָר דאָס איז דיין זיג,
איך געדענק נאָך דיין ווינטער פול פחד און שרעק
אָבער צוזאמען־געקלאמערט — גליק אָן־איין עק.

דו ביסט מיין יוגנט, דו ביסט מיין ליד,
דיך צו דערמאנען כ׳בין קיינמאָל נישט מיד.
סודות דיינע, זיסע, באגלייטן מיין וועג,
באגלייטן די יאָרן, די שעהן, די טעג...

חרוב ביסטו, מיין שטעטעלע קליינס,
אין אייביקן טרויער, אין עלענד דו שטייסט,
ביידע פארמאטערט און מיד אויף דער וועלט —
איך דאָ אין דער היים און דו ווייט אין פעלד...

נפתלי רובין (רובטשאנסקי)

# וואַס איך געדענק

איך אליין בין געווען צו יונג איך זאָל געדענקען פון זיך אליין. איך געדענק אָבער די מעשה׳ס וואָס איך פלעג הערן פין מיינע עלטערן, בנימין און שרה, און פון אלע מיינע אייגענע.

מעשה׳ס פון דינען אין די ארמיי:

נאָר איין זון, נחום, פון דער פעטער שיקעס פינף זין האָט געדינט ביים קייסער. די אנדערע האָבן זיך, דאנקען גאָט, ארויסגעדרייט.

איך געדענק די מעשה אז פייוול האָט זיך באהאלטן אונטער די מומע מיזעס קאָלדרע און זי איז געלעגן אוף אים כדי מען זאָל אים ניט זען. ביז היינטיקן טאָג קען מען נישט פארשטיין ווי אזוי דער פאָליציי־מאַן האָט אים ניט געקענט זען. ער איז דאָך געווען גענוג לאַנג.

פארוואָס האָב יידן ניט געוואָלט גיין דינען? אין רוסלאנד האָט אַ ייד זיך געהאַלטן פאַר אַ „אתה בחרתנו”. און אין דער ארמיי איז ער געוואָרן אַ דריטראַנגיקער אָדער פערטראַנגיקער מענטש. צוואָס האָט ער עס געדארפט?

איך געדענק א מעשה פון אַ שאלה איבער א בהמה וואָס האָט זיך שלעכט אויסגעשחטן. אין אזא פאל איז מען באלד געלאָפן צו די רבנים. זיי האָבן ארייגעקוקט אין אלע מדרשים, און זיי האָבן זיך געחקרנט א גאנצע נאכט. דערנאָך האָבן זיי גערופן מיין פאָטער און אים געפרעגט וויפל ער קען פארלירן אויב דער בהמה איז טרייף. האָט ער געענטפערט: — זייער א סך געלט! (איך געדענק ניט וויפל). האָבן זיי ווידער געקוקט אין די מדרשים און אָבער אמאָל געחקרנט און צום סוף האָבן זיי געפסקנט: 40 פונט זאָל מען אוועקגעבן צו אָרימעלייט און דאָס איבריקע זאָל מען פארקויפן...

איך האָב געהערט א סך מעשה׳ס פון די פאָגראָמען, ווי מען האָט געשאָסן, געמאָרדעט און בארויבעוועט די יידן, ווי מען האָט געשאָסן 42 יונגע בחורים און ווי מען האָט אונטערגעצונדן די בערד פון אלטע יידן.

ווי א באנדיט האָט ארייגעשטעלט א רעוואָלווער אין מיין מוטערס מויל, און פון דעם האָט זי געקריגן א הויכן שליקערץ אויף איר גאנצן לעבן. און ווי אזוי מען האָט פארשלאָסן מיין פאָטער אין א קעלער גאנצע דריי טעג אָן עסן און טרינקען. און ווי מען האָט דערמאָרדעט מיין זיידן.

איינמאָל האָבן אלע יידן זיך אויסבאהאלטן אין א קעלער, און מיין שוועסטער ראָזע, דאמאלסט א קינד פון א פאר מאָנאטן, האָט אָנגעהויבן וויינען, און מען האָט איר ממש געוואָלט דערשטיקן מען זאָל נישט הערן איר געוויין אין דרויסן, נאָר די מאמע האָט זי אָנגעהויבן געבן זייגן און זי האָט אויפגעהערט וויינען...

אז גאָט האָט געהאָלפן און מען האָט זיך געקליבן פאָרן קיין אמעריקע, האָט מען פריער געדארפט אנטלויפן פון רוסלאנד. מען האָט געדארפט אריבערשיפן דעם טייך דניעפער קיין רומעניע. מען האָט זיך אויסבאהאלטן ביי גויים ביז מען האָט געדונגען א שיף, און וויפל מאָל האָבן די גויים אליין אָפגענארט די יידן, און וויפל מאָל האָט מען דערמאָרדעט די יידן.

מיינע שוועסטער, חייקה און דאני, האָבן אלע מאָל געהאט מורא פאָרן אויפן ים דערפאר וואָס זיי האָבן געזען ווי זייער א פריינדין איז דערטרונקען געוואָרן ווען איר שיף האָט זיך איבערגעקערט.

דוד כהן (בן אברהם סאקאניק)

# בילדער פון קינדער־יאָרן

## שבת אין סטאַווישטש

די שטאָט ווו איך בין געבוירן געוואָרן האָט מען גערופן סטאַווישטש. דאָס איז אַ קליין שטעטעלע, אָבער זייער אַ שיינס, מיט צווי גרויסע טייכן פוןביידע זייטן שטאָט, און עס האָט אויסגעזען ווי אַ אינזל אַרומגערינגלט מיט וואַסער.

איין טייך האָט מען גערופן „דער זאַמדיקער". דעם צווייטן — „געדאַלקעס". דער זאַמדיקער טייך איז געווען זייער ריין. אַז מען האָט זיך געבאָדן אין דעם טייך האָט מען זיך געזען ווי אין אַ שפיגל. ביי איין ברעג האָבן זיך געבאָדן מענער, ביי דעם אַנדערן ברעג האָבן זיך געבאָדן פרויען.

אין די טייכן זענען געווען דריי מינים פיש: קאַרפּן, שלייען און קאַרעסן. די פיש האָבן געהאַט אַ נאַטירלעכן גוטן טעם. מענטשן וואָס פלעגן קומען צו אונז פון גרויסע שטעט האָבן געזאָגט אַז דעם טעם פון די פיש וועלן זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן. און אַזעלכע גוטע פיש איז ניט געווען אין קיין שום שטאָט.

דער אַריינפאָר אין שטעטל איז געווען אַ נאַטירלעכע שיינקייט. פון איין זייט שטאָט האָבן די פּריצים געהאַט זייערע הייזער. ביי די זייטן בוימער מיט שמעקנדיקע בלומען — אַ שיינקייט וואָס איז ניט צו באַשרייבן. דער צווייטער אַריינפאָר אין שטעטל איז אויך געווען זייער שיין, אַ סך בוימער, און אַ גרויס וואַלד.

אַ טייערע לופט פון די טייכן. אַ טייערע לופט ווי אין אַ גוטע דאַטשע. מענטשן האָבן זיך געפילט געזונט פריש און יונג.

אַ יידיש שטעטל, מיט 600 פאַמיליעס, 5 בתי־מדרשים, אַ גרויסע שול. אין דער שול האָבן געדאַוונט אַלע בעלי־מלאכות: שניידער, שוסטערס, קעזשעכעס, קאַוועלים, סטאָליערס. אין סאָקעליוזקער קלויז האָבן געדאַוונט סאָקעליוזקער חסידים. טאַלנער קלויז. מעקאַרעווער קלויז. און אַ בית־המדרש. יעדער מקום־קדוש האָט געהאַט זיין רבי'ן מיט זיינע חסידים.

אין שטאָט האָבן ניט געוווינט קיין קריסטן.

אַרום שטאָט זענען געווען צווי דערפער. איין דאָרף האָט מען גערופן „ראַסקאַשנע", מיט 10,000 קריסטן. דאָס צווייטן דאָרף האָט מען גערופן „פשינקע", מיט 5000 קריסטן.

פאַרשטייט זיך אַז איך האָב ניט געציילט ניט די יידישע פאַמיליעס און ניט די קריסטלעכע. נאָר אַזוי האָט מען גערעדט.

דאָס שטעטעלע האָט געלעבט אַ אָרעם לעבן, אָבער אַ רואיק או אַ צופרידן לעבן, ווער פון מלאכה און ווער פון מסחר. אַ שטעטעלע מיט אַ סך קלייטלעך, מיט מאַנופאַקטור, באַקעליי, צעלניק, אייזן. סוחרים האָבן געמאַכט אַ שיין לעבן. אַנדערע האָבן געהאַנדלט מיט טאָנדעט אויף דער גאַס, אָדער מיט סטייגעס, פּאַטשיילעס, שפּילקעס, זייף. די קליינע קרעמערלעך פלעגן זיצן ביי זייערע קראָמען און אויסקוקן אויף אַ קונה. זיי פלעגן שלעפּן די קונים, די פויערים, צו זיך אין קרעמל.

איין טאָג אין וואָך איז געווען אַ יריד. עס פלעגן קומען אין שטאָט פון אַרום די דערפער

אַ סך פויערים מיט זייערע פּראָדוקטן צו פאַרקויפן. און זיי פלעגן לייזן אַ סך געלט. און נאָכער פלעגן זיי קויפן ביי די יידן אלץ וואָס זיי האָבן געדארפט. און פון דעם יריד האָט יעדערער פאַרדינט אַ פּאָר רובל אויף שבת.

די מערהייט יידען האָבן געאַרבעט זייער שווער צו מאכן אַ לעבן. רייכע האָבן געהאט שענערע, בעסערע הייזער. די אָרעמע — קליינע.

נאָר אז עס איז געקומען דער שבת, דער גוטער הייליקער שבת, ווער קען דאָס באשרייבן דעם גייסטיקן פארגעניגן וואָס יעדער ייד האָט געפילט אין שבת. יעדע באלעבאָסטע האָט געענדיקט באקן די שבתדיקע חלה, די גוטע פיש און עוף. די שבת׳דיקע מאכלים האָבן פארשמעקט די גאנצע גאַס. דאָס שטיבעלע ביים אָרימן יידן איז געווען אויסגעשמירט מיט געלע ליים אויף דער ערדענער פאדלאגע. דער טיש איז געווען פאַרשפרייט מיט אַ ריינעם טישטעך, און צוויי שיינע חלות זענען געווען צוגעדעקט מיט אַ ריינעם טישטעך. עס האָט געהערשט אַ געטלעכע שיינקייט אין דער שבת׳דיקער שטוב.

די ווייב מיט די קינדער זענען אנטקעגן געגאנגען דעם פאָטער וואָס איז געקומען פון דער שול, און דער פאָטער האָט זיי אפּגעגעבן דעם „גוט שבת". ער האָט אָפּגעזאָגט דעם „שלום־עליכם" און געמאכט „קידוש". די ווייב האָט געבראכט צום טיש די גוטע פיש מיט די איבעריגע פיינע מאכלים.

דעמאלט האָט אַ ייד ניט געפילט קיין שום זאָרג, ניט געטראכט פון פרנסה. ער איז געווען רואיק און צופרידן. אז איינער האָט באגעגנט אין גאס דעם אנדערן האָט מען זיך אָפּגעגעבן דעם „גוט־שבת", און באקומען פון יענעם אַ „גוט יאָר". מען האָט זיך געווונטשן מיטן גאנצן הארצן. אַ מאָל האָט זיך געמאכט אין שול אַ מחלוקת איבער אַ „עליה". פארוואָס איינער האָט באקומען „חמישי" אנשטאט „שישי". אבער נאָכן דאווענען האָט מען זיך איבערגעבעטן.

# א חתונה צערעמאניע

ווען די עלטערן פון דער כלה האָבן געמאכט אַ קנס־מאָל און געשריבן תנאים, האָט מען דעם נדן איינגעלייגט ביי אַ „בטוח". דער חתן האָט ניט געוואָלט אַז דער נדן זאָל זיין ביי דעם מחותן. פראווען די חתונה האָט באדארפט דער כלה׳ס פאָטער.

צוויי וואָכן פאַר דער חתונה האָט מען געדונגען שניידערס אַ היים צו דער כלה. אז מען האָט גענייט די קליידער איז אַלע טאָג געווען אַ יום טוב. גוטע פריינט, שכנים, זענען געקומען און מען האָט געטרינקען אַ „לחיים".

אין טאָג פון דער חופה האָט דער חתן מיט דער כלה געמוזט פאסטן. פאַר דער חופה האָט דער חתן באדארפט גיין צו דער כלה און זי איבערדעקן דעם קאָפּ. די חופה האָט מען געמאכט ביי דער שול.

נאָך דער חופה איז דער חתן געגאנגען צו דער כלה אַהיים און זיי האָבן געגעסן צוזאמען. ביים עסן זענען די מענער ניט געזעסן צוזאמען מיט די פרויען. דער סארווער האָט דערלאַנגט צום טיש פיש.

נאָך די פיש האָט מען אַנידערגעשטעלט צוויי גרויסע טעלער מיט אַ גרויסע טאַץ, און אַ מחותן פון כלה׳ס צד האָט אָנגעהויבן אויסרופן דרשה־געשאנק פארן כלה׳ס צד. מען האָט אָנגעהויבן געבן געלט, ווער 50 קאָפּ., ווער אַ רובל. דאָס

געלט איז געגעבן געוואָרן פאַר דער מחותן, ניט פאַר חתן־כלה.

נאָכער, האָט מען אויסגערופן פאַרן חתן'ס צד. די מתנות זענען באַשטימט געווען פאַר חתן־כלה.

נאָך דער· צערעמאָניע, און נאָכן עסן, האָבן די כלי־זמרים געשפילט און די געסט האָבן געטאַנצט, ביז פאַרטאָג.

די מחותנים פון חתן או כלה'ס צד, מיט די קרובים פון דער פאַמיליע, האָבן די כלי־זמרים אָפּגעפירט אַהיים.

און נאָכער איז געווען זיבן טעג „שבע ברכות".

# מיינע קינדער־יאָרן

אין אונזער פאַמיליע זענען מיר געווען פינף קינדער: דריי זין און צוויי טעכטער. מיינע עלטערן האָבן זיך גערעכנט ביי אונז אין שטעטעל פאַר רייכע מענטשן.

צו דריי יאָר האָט מען מיך אָפּגעגעבן לערנען צו אַ מלמד. דעם מלמד האָט מען גערופן יוסף גינענדילס, נאָך דער מוטערס נאָמען. דער מלמד האָט געהאַלטן אַ באַהעלפער צו העלפן לערנען די קינדער. דאָרט זענען געווען אַ 20 יינגלעך. איך האָב אין חדר ניט געוואָלט גיין. מיין מוטער איז געגאַנגען צום רבין פרעגן אַן עצה וואָס זי זאָל טאָן. האָט דער רבי זי איבערגעשיקט צום באַהעלפער. דער באַהעלפער האָט איר געזאָגט אַז ער וועט יעדן טאָג קומען מיך נעמען אין חדר, אין אויף דער נאַכט ברענגען אַהיים. נאָר ער וויל באַצאָלט דערפאַר. ער וויל צוויי טעג אין דער וואָך עסן ביי אונז. און אַלע ראש־חודש וויל ער 25 קאָפּ מיין מוטער האָט צוגעשטימט אויף דעם. יעדן טאָג האָט מען מיך גענומען אין חדר. אָבער מיטן גוטן ווילן בין איך ניט געגאַנגען, און פאַרן באַהעלפער איז דאָס געווען זייער אַ שווערע אַרבעט.

מיינע עלטערן האָבן געטראַכט ווי אַזוי איך זאָל גיין מיט גוטן אין חדר? ווי אַזוי זאָל איך ליב האָבן דעם חדר און ליב האָבן דאָס לערנען? מיין מוטער האָט זיך גענומען דאָס דורכצופירן איך זאָל ליב האָבן דעם חדר. איך האָב זייער ליב געהאַט מיין מוטער און פלעג ליב האָבן די מעשה'ס וואָס זי האָט מיר דערציילט. איינמאָל אַ שבת רופט מיך צו מיין מוטער און זאָגט מיר: מיין קינד, איך וועל דיר דערציילן אַזעלכעס וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דיר אַליין. נאָר דו זאָלסט זיך גוט צוהערן צו יעדן וואָרט. זי האָט מיר דערציילט אַז איך בין געווען אַ קינד פון אַ יאָר מיט אַ האַלב, בין איך געווען זייער שלאַף. מען האָט גערופן דאָקטוירים און מ'האָט מיר ניט געקאָנט העלפן. ביי אונז איז געווען אַ גרויסער דאָקטער זיין נאָמען איז געווען האַרעך. האָט מען אים גערופן, ער האָט מיך באַטראַכט. און זיין ענטפער איז געווען אַז ער קען מיר ניט העלפן. ביי מיר איז געווען אַ מכה אין האַלדז, און אין אַ שלעכטן אָרט קאָן ער גאָרניט טאָן.

מיין קינד — האָט זי מיר געזאָגט, — אַז מיר האָבן געזען אַז ס'איז שלעכט, אַז די דאָקטוירים קענען שוין גאָרניט טאָן פאַר די, בין איך מיטן טאַטן געפאָרן צו אַ רבין. אַז מיר זענען געקומען צום רבין און מיר האָבן אָנגעהויבן וויינען און בעטן דעם רבין אַז ער זאָל העלפן און מיר האָבן אים דערציילט וואָס די דאָקטוירים האָבן געזאָגט אַז זיי קאָנען דיר ניט העלפן, און מיר בעטן דעם רבין ער זאָל אונז געבן אַ סגולה. ענטפערט דער רבי: פאָרט אַ היים און גאָט וועט אים העלפן.

פון אַ שמעק טאַבאַק קען ער אויך געהאָלפן ווערן. די דאָקטוירים ווייסן גאָרניט. גאָט איז אַ דאָקטער און ער קען העלפן! מיר זענען צוריק געפאָרן אַ היים. ווען מיר זענען געקומען אַ היים ביסטו שוין געווען 90 פּראָצענט טויט. מיר האָבן אַלע געוויינט און געשריגן. דעמאָלט איז אריינגעקומען אַ אָרעמאַן צו אונז נאָך אַ נדבה. דער אָרעמאַן פרעגט: וואָס איז געשען? וואָס מען קלאָגט און מען שרייט אזוי? ענטפערט מען אים אז אַ קינד איז שלאָף און האלט ביים שטאַרבן. דער אָרעמאַן פרעגט: ווו איז דאָס שלאָפע קינד? מ'האָט אים אריין געפירט אין דעם חדר ווו איך בין געלעגן. מיינע עלטערן זענען ביי מיין בעט און וויינען. דער אָרעמאַן איז צוגעגאַנגען צו מיר צום בעט און האָט געקוקט אויף מיר. דער אָרעמאַן האָט געשמעקט טאַבאַק. האָט ער ארויסגענומען אַ פושקע מיט טאַבאַק און האָט אויפגעעפנט די פושקע און מיין מוטער האָט אומגערן אויפגעהויבן איר האנט און האָט אַראָפּגעוואָרפן די פושקע, און דער טאַבאַק האָט זיך אויסגעשיט אויף מיין פנים. אין דער רגע האָב איך אָנגעהויבן ניסן — און די מכה האָט זיך געעפנט... מען האָט באלד גערופן דעם דאָקטער, און דער דאָקטער האָט געזאָגט אז דאָס איז אַ געטלעכע זאך. ער האָט זיך ניט געקאָנט גלויבן, אז איך וועל געזונט ווערן.

מיין מוטער האָט געענדיקט דערציילען די מעשה, און זי האָט געזאָגט צו מיר: מיין קינד, דו ווייסט פאַרוואָס דער רבי האָט דיר געהאָלפן? אז דער רבי איז געווען אַ קליין יינגעלע האָט ער ליב געהאט דעם חדר, און האָט ליב געהאט צו לערנען, און ער קען גוט לערנען, און גאָט האָט ליב יעדען וואָס קען לערנען, און גאָט הערט זיך צו און העלפט ווער עס בעט אים. אזוי מיין קינד, אז דו וועסט ליב האָבן צו גיין אין חדר און לערנען וועט דיך גאָט אויך ליב האָבן און דו וועסט אויך קאָנען העלפן שלאָפע יידן זיי זאָלן געזונט ווערן.

מיין מוטערס רייד האָט אויף מיר געהאט אַ שטאַרקע ווירקונג. איך האָב אָנגעהויבן גיין אַלע טאָג אין חדר מיט מיין גוטן ווילן, און איך בין געווען דער בעסטער תלמיד. איך האָב געלערנט ביים רב'ן ביז 8 יאָר.

דער צווייטער רבי איז געווען לייזער באָגאָסלאָווסקי. ביי דעם רב'ן האָבן אויך געלערנט רייכערע קינדער. ביז צוועלף יאָר האָב איך דאָרט געלערנט.

אז איך בין אַלט געוואָרן צוועלף יאָר האָט מען מיך אָפּגעגעבן לערנען צו ברוך בן-ציון'ען. ער איז געווע דער בעסטער מלמד ביי אונז אין שטאָט. ביי אים האָבן זיך געלערנט די רייכסטע קינדער, געווען שוין עלטערע בחורים. איך בין געווען דער יינגסטער. זיי האָבן ניט געוואָלט זיך חברן מיט מיר. דער רבי האָט געבעטן זיין זון ישראליק ער זאָל זיך חברן מיט מיר און מיר האָבן צוזאַמען געלערנט. אָבער עס איז ניט געווען מיט זיין גוטן ווילן.

פאָר פורים האָט דער רבי געזאָגט צו די תלמידים, אז פורים וועט ער מאַכן אַ סעודה, און ער וויל אז יעדער תלמיד זאָל געבן 15 קאָפּ. צוויי טעג פאָר פורים האָבן די תלמידים געבראַכט דאָס געלט דעם רב'ן. נאָר צוויי תלמידים זענען ניט געקומען אין חדר. דער רבי האָט ניט געוווּסט די סיבה פאַרוואָס זיי זענען ניט געקומען. די תלמידים האָבן געוווינט ניט ווייט פון מיר. האָט דער רבי מיר געהייסן אריינגיין צו זיי און פרעגן פאַרוואָס זיי זענען ניט געקומען אין חדר. אז איך

האָב זיי געפרעגט פאַרוואָס זיי זענען ניט געקו־מען, האָבן זיי אָנגעהויבן וויינען אז מען וויל זיי ניט געבן קיין געלט, קאָנען זיי ניט קומען. איך האָב אין דער היים דערציילט מיין מוטער די געשיכטע פון די תלמידים, אז זייער מוטער וויל זיי ניט געבן קיין 30 קאָפּ., צו באַצאָלן. קענען זיי ניט קומען אין חדר צו דער פורימדיקער סעודה. קיין פאָטער האָבן זיי ניט געהאט. מיין מוטער הערט מיך אויס וואָס איך דערצייל איר, און פרעגט מיר: מיין קינד, איז רעכט אזוי, אז זיי זאָלן ניט זיין מיט אייך צוזאמען, דערפאַר וואָס זיי האָבן ניט צו באצאָלן קיין 30 קאָפּ.? איך ענטפער: עס איז ניט רעכט! פרעגט זי מיך: וואָס דאַרף מען טאָן אַז זיי זאָלן יאָ זיין? מיין מוטער פלעגט מיר געבן אַלע וואָך צען קאָפּ. זאָג איך צו איר: גיב מיר 30 קאָפּ., וועל איך זיי געבן, און דריי וואָכן וועל איך ניט נעמען ביי דיר קיין געלט.

מיין מוטער האָט מיך אָנגעהויבן קושען פאַר מיין ענטפער. זי האָט מיר געגעבן די 30 קאָפּ., און האָט מיר געזאָגט: אזוי דאַרף מען שטענדיק טון, אז מען זאָל העלפן יענעם.

איך האָב באלד אוועקגעטראָגן די 30 קאָפּ. צו די צוויי בחורים. זיי זענען געוואָרן זייער פריילעך און זענען באלד געגאנגען אין חדר.

נאָר מיין מוטער האָט מיר אָנגעזאָגט אז איך זאָל קיינעם ניט דערציילן.

פון דעמאָלט אָן האָב איך געהאט די בעסטע צוויי פריינט אין חדר, אזוי אז מיינע קינדער יאָרן זענען גאָרניט שלעכט געווען.

איך האָב דורכגעלעבט גוטע צייטן, און א סך שלעכטע צייטן. איבערגעלעבט פּאָגראָמען. עס איז געווען צייטן אז דאָרטן ווו מען איז געווען ביי טאָג האָט מען ניט געקאָנט זיין ביי נאכט. מ׳האָט ארומגעלאָפן פון איין שטאָט אין דער אנדערער און אומעטום איז געווען שלעכט. מיר האָבן געלעבט אויף פרעמדער ערד, און אפילו אין פרידן־צייט זענען געווען ערטער אז א ייד האָט ניט געקענט זיין דאָרט וויפל ער האָט געוואָלט. מען האָט אים געמאכט פילן אז ער איז א פרעמדער. איך וועל דאָ דערציילן אַ קליי־נעם עפּיזאָד:

איך האָב געהאט א קריסט וואָס ער האָט געאַרבעט ביי אונז. ער איז אונז געווען זייער געטריי. אין דער צייט פון די אומרוען פלעגן מיר זיך באהאלטן ביי דעם קריסט. ליג איך אַמאָל ביי אים אין זיין היים, און עס קומען צו אים שכנים און זיי האָבן ניט געטאָרט וויסן אז יידן באהאלטן זיך אויס ביי אים. איך הער ווי מען רעדט זייער שלעכט אויף יידן אז מען דאַרף זיי אויסהרגענען, אויסראַבירען, ווייל מיר זענען שלעכטע מענטשן און מיר האָבן די קריסטן אויס־געזויגן דאָס בלוט. מיין פריינט דער קריסט ענט־פערט זיי: מען דאַרף זיי הרגענען. ווען די שכנים זענען אוועק געגאנגען זענען מיר אריין צו אים אין שטוב. דערצייל איך אים אלעס וואָס איך האָב געהערט. ענטפערט ער מיר, אז ער האָט מיך מיט מיין פאַמיליע זייער ליב, נאָר אלע יידן האָט ער זייער פיינט.

מער בין איך שוין צו אים נישט געגאנגען.

גדליהו צ׳רקס
ישראל

# אַ מעשה פון „שדים"

מיין פאָטער חיים־יעקב׳ל צ׳רקס (ע"ה) איז געווען א ייד א פאַרגעשריטענער, לויט די באַגרי־פן פון יענער צייט אין קליינעם שטעטל. ער האָט געשטרעבט דערצו אז זיינע זין זאָלן לערנען עברית און זאָלן אויך ניט זיין קיין עמי־הארצים אין דער גמרא — האָט ער זיך משתדל געווען אז מ׳זאָל גרינדען אין שטאָט — סטאַווישטש — א פיינע מאָדערנע שולע, ווי מ׳פלעגט עס דאמאלס רופן „חדר מתוקן" — דאָרטן זאָל ווערן געלערנט תנ"ך, היסטאָריע, דקדוק און אויך גמרא פאר אָנפאַנגער. דאָס אלעס האָב איך געלערנט פריוואַט ביים בעסטן לערער פון שטעטל ה׳ ישראל שומסקי.

אָבער דורכפירן דעם פלאַן פון דער שולע איז געווען נישט פון די גרינגע זאכן: פיל מענטשן האָבן געשטערט דערצו.

אין דעם הויז ווו מ׳האָט געזאָלט דינגען פאר דער פראָיעקטירטער שולע, אין א גרויסן צימער, איז געשטאַנען א אויוון פון ציגל, אזוי ווי אין אלע יידישע הייזער, און אז מ׳האָט דעם אויוון אומגעוואָרפן האָט זיך ערשט אנגעהויבן א גע־וואלדיקער קאמף קעגען דער שולע מצד די מלמ־דים פונם שטעטל און אנדערע בעלי־בתים. זיי האָבן ארויסגעלאָזט א קלאַנג אז אין דער שטוב האלטן זיך אויף... שדים...

כדי אָנצושרעקן די עלטערן זיי זאָלן ניט איינ־שרייבן זייערע קינדער אין דער שולע האָט מען דערציילט אז אויפן אַש פון דעם צוואַלעטען אויוון האָט מען געפונען צייכנס פון הינערשע פיס („ווי באוווסט", האָבן די שדים הינערשע פיס)...

איינמאָל א פרימאָרגן ווען עס איז אריינגע־קומען אין שטוב פון דער צוקונפטיקער שולע אויפצוראַמען דער אלטער שמש — משה נטע — ווען ער האָט געעפנט די טיר האָט ער געכאפּט א שטאַרקן קלאפּ אין קאָפּ פון א שטענדער וואָס עמיצער האָט אויפגעהאָנגען איבער דער טיר. דער שמש א דערשראָקענער איז געווען איבער־געצייגט אז דאָס איז א „שפיצל" פון די שדים, האָט לויפנדיק דערציילט יעדן איינעם וואָס מיט אים האָט פאסירט.

ס׳האָבן זיך געפונען עדות־זאָגערס וואָס האָבן באשטעטיקט אז ס׳פאראן שדים אין יענער שטוב...

אָבער מיין פאָטער האָט פון זיין פלאַן ניט רעזיגנירט. ער האָט געהאַלטן אין איין פאר־זיכערן אז דאָס אלעס איז ליגן, און ווען מ׳האָט ניט געוואָלט גלויבן האָט ער פאַרגעשלאָגן אז כדי צו באווייזן זיין ריכטיקייט וועט ער איינער אליין איבערנעכטיקן אין דער שטוב, זייענדיק פארשלאָסן פון דרויסן.

ס׳האָבן זיך פארזאמלט פיל מענטשן וואָס האָבן פארשלאָסן די טיר און פענסטער פון דער שטוב נאָכדעם ווו מיין פאָטער איז געבליבן דאָרט נעכטיקן.

מ׳האָט זיך זיכער גערעכנט אז מען וועט גע־פינען צומאָרגנס מיין פאָטער א טויטן און מען וועט אים פראַוון א פרעכטיקע לויה, אָבער ער איז אויפגעשטאַנען פריש און געזונט...

צוליב דער געשעעניש האָט מען געפראווועט א פיינע סעודה, ווייל מ׳האָט מנצח געווען די שדים...

ישראל סענדעראָוויטש (בן פנחס־חיים־לייב׳ס סענדעראַווסקי)
טאראנטע, קאנאדע

# טעג פון פּאַגראָמען

מיין איבערלעבונג פון דעם טאָג וואָס די ערשטע באַנדע, זעלעזניאַקס איז אַריין צו אונז אין שטאָט, וועט פאַרבלייבן שטענדיק אין זכרון. איך וועל דאָס ניט פאַרגעסן אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן, ווייל אין יענעם טאָג האָט אונזער פאַמיליע אַוועקגעגעבן דעם ערשטן קרבן: מיין ליבער שוואָגער, מיין שוועסטערס מאַן, יצחק דער כהן גדול, אַזוי האָט מען אים גערופן, איז געפאַלן אַ קרבן פון זעלעזניאַקס מערדער.

אַט ווי עס האָט פּאַסירט: אַזוי ווי שימעלע דער שניידער האָט געוווינט די צווייטע הויז פון אונז, איז צו זיי אַריין אַ באַנדיט און ער האָט דאָרט געטראָפן זייער טאָכטער ברכה. דער באַנדיט איז געווען שיכור, האָט ער זיך געוואָלט נעמען צו איר און איר גענומען נאָכלויפן. איז ברכה ארויס דורך דער הינטערשטער טיר און איז אַריינגעלאָפן צו אונז זיך צו באַשיצן. אַזוי ווי ביי אונז זענען געווען צוויי טירן ארויסצולויפן — איז זי דורך דער צווייטער טיר ארויס געלאָפן, און דער באַנדיט איז איר נאָכגעלאָפן. ניט טרעפנדיק איר ביי אונז אין הויז, האָט ער דערזען מיין ליבן שוואָגער ליגן אין בעט שלאָפן. האָט ער לאַנג ניט געטראַכט און אָנגעצילט זיין ביקס און דערשאָסן מיין שוואָגער אין בעט, און אליין האָט ער זיך אַריינגעלייגט אין דער צווייטער בעט. מיין שוועסטער און מוטער האָבן דאָס דער־זען, האָבן זיי געמאַכט אַ גוואַלד. עס זענען אָנגעקומען צוויי באַנדיטן פון דער גאַס און מען האָט דעם באַנדיט ארויסגענומען פון אונזער הויז.

אין יענעם טאָג זענען ביי אונז אין שטאָט געווען פיר הרוגים. מיר מענער זענען געווען דעם גאַנצן טאָג אין בית־המדרש. מיר האָבן פיל איבער־געלעבט ביז מען האָט צונויפגעזאַמלט די סומע געלט וואָס זעלעזניאַק האָט זיך געהייסן געבן. מיט גרויס מי זענען מיר דורכגעקומען מיט אים. איך בין געווען דער לעצטער אין בית־המדרש ווען ער האָט דאָס געלט גענומען. ער האָט געוווּסט פון די הרוגים, און ער האָט זיך כלומרשט אַנטשולדיקט פאַר דעם וואָס האָט פּאַסירט, און געזאָגט אַז זיינע באַנדיטן זענען געווען זייער ווילד, ער האָט זיי ניט געקענט איינהאַלטן. ער האָט געפרעגט ווער עס איז פאַראַן פון געליטענע פאַמיליעס?

אַזוי ווי איך בין געווען איינער פון זיי — האָט מיר זעלעזניאַק אַליין מיט זיינע הענט געגעבן זעקס טויזנט רובל, איך זאָל געבן מיין שוועסטער.

און אַזוי האָבן מיר אָנגעהויבן לעבן אין שרעק, און געציטערט פאַר דער נשמה. דאָרט ווו מיר האָבן געטאָגט האָבן מיר ניט גענעכטיקט. די באַנדעס פלעגן אונז ניט וועלן אויסמיידן און זיך באַווייזן איינס נאָכן אַנדערן.

יעצט וועל איך איבערגעבן וואָס מיט מיר פּערזענלעך האָט פּאַסירט:

ביי אונז אין הויז האָט געוווינט מלכה ציאַדיאַק מיט אירע קינדער, דריי מיידלעך און איין זון. איינע פון אירע טעכטער, ליבע, איז געוואָרן מיין באַשערטע — מיר האָבן טאַקע חתונה געהאַט. עס טוט מיר נאָר לייד וואָס זי

האָט מיך אזוי שנעל פאַרלאָזט... זי איז געווען א נייטערין, און האָט געהאַט פיל באַקענטשאַפט אין שטאָט. ווען א באַנדע פלעגט קומען צו אונז אין שטאָט פלעגן קומען אירע באַקאַנטע פון די קריסטן, און זיי נעמען איר מיט דער פאַמיליע צו זיך, ביז עס פלעגט ווערן שטיל אין שטאָט.

# די שרעקלעכע נאַכט!

ווען דעניקין מיט זיין באַנדע איז אריין צו אונז אין שטאָט, איז געקומען צו איר איינע פון אירע באַקאַנטע און האָט אונז אַלעמען פאַרנומען צו זיך. מיר זענען געווען דאָרט א פּאָר טעג.

א אַנדערע באַקאַנטע האָט אונז פאַרבעטן אויף פרייטיק צונאַכט, מיר זאָלן אַלע קומען צו איר ווייל זי מאַכט פאַר אונז אַן „אַפּאַדיע". זיך אָפּצוזאָגן פון אַזאַ פאַרגעניגן האָבן מיר ניט געקענט, ווייל מיר זענען געווען זייערע געסט, האָבן מיר איינגעשטימט אז מיר וועלן קומען. פרייטיק אויף דער נאַכט זענען מיר אַלע, מיין ליבע פרוי מיט איר שוועסטער חייקע און איר ברודער הערשל סיוואַק אוועק צו דער „פּאַדיע".

קומענדיק אַהין האָבן מיר געטראָפן א צען פאַרלעך מיידלעך מיט בחורים. זיי האָבן אונז זייער פיין אויפגענומען, און מיר האָבן פאַרברענגט אַלע צוזאַמען. די הויז וווּ מיר האָבן פאַרברענגט האָט זיך געפונען ניט ווייט פון שאָסיי.

אין מיטן פון דער פאַרוויילונג עפנט זיך אויף פלוצלונג די טיר און עס קומען אריין פיר באַנדיטן פון דעניקינס-באַנדע. נאַטירלעך האָבן זיך דערשראָקן מיר יידישע קינדער זאַלבעפערט. זיי האָבן אָפּגעשטעלט דעם טאַנץ פון די פאַרלעך און האָבן זיך אָנגעהויבן אויספרעגן וואָס דאָ גייט אָן. ווען זיי האָבן שוין אָפּגענומען דעם גאַנצן ראַפּאָרט, לאָזן זיי זיך גיין צו דער טיר, שטייענדיק אזוי ביי דער טיר. הויבן זיי אָן רעדן אין דער שטיל און קערן זיך אום צוריק, און רופן זיך אָן צו אונז, אז מיר, איך און הערשל סיוואַק, זאָלן גיין מיט זיי. די מיידלעך, ווילן זיי ניט, נאָר אונז ביידע. פון אָנהויב האָבן מיר געמיינט אז זיי טרייבן קאַטאַוועס, ווייל פריער זענען זיי געווען פריינדלעך צו אונז. אָבער וואָס א מינוט ווייטער רעדן זיי אַלץ שטרענגער צו אונז. די מיידלעך, מיין פרוי, מיט איר שוועסטער, ווערן דערציטערט און הויבן אָן צו וויינען און בעטן זיך ביי זיי אז מען זאָל אונז אָפּלאָזן און ניט טשעפּען. עס העלפט גאָר ניט. די באַנדיטן ווילן נאָר, אז מיר ביידע זאָלן גיין מיט זיי. די קריסטלעכע בחורים שווייגן און זאָגן דערווייל גאָרניט. צווי פון די קריסטלעכע מיידלעך גיין צו צו ליבע'ן און זאָגן צו איר: „ווייין ניט ליבקע, מיר וועלן זיי ניט לאָזן נעמען, האָב ניט קיין מורא". דעמאָלט האָבן די בחורים אַלע צוזאַמען צוגעלאָפן צו די באַנדיטן און אויסגערופן צו זיי: „גענוג! זאָגט וואָס איר ווילט, אָדער פאַרלאָזט אונזער הויז מיט גוטן. אויב ניט, וועט איר קיין לעבעדיקע ניט ארויס פון דאַנען!" דערהערנדיק אַזעלכע ווערטער האָבן זיי זיך שוין דערשראָקן, די באַנדיטן; און זאָגן צו אונז: „מיר ווילן אייך ניט זען דאָ. מיר האָבן אייך נאָר געוואָלט איבערשרעקן. ווען איר פאָלגט אונז גייט בעסער אוועק פון דאַנען, ווייל ווען אַנדערע וועלן קומען און אייך טרעפן דאָ

וועט מען אייך נעמען און דערשיסן! אין שטאָט איז איצט שרעקלעך!״ און זיי האָבן פארלאָזט דאָס הויז.

באלד האָבן מיר פארלאָזט גיך דאָס הויז מיט דער פארוויילונג, און מיר זענען צוריק אוועק דאָרטן ווו מיר זענען געווען פריִער.

אָבער אין הויז האָבן מיר שוין מורא געהאט צו זיין, זענען מיר אלע פיר ארויף אויף א בוידעם און דאָרטן אָפּגעלעגן די גאנצע נאכט.

גאנץ פרי זענען מיר אראָפּ פון דעם בוידעם ווו עס האָט אונז אלע געוואָרפן א צאָן אין א צאָן.

אָט אזוי האָבן מיר פארבראכט אונזערע יונגע יאָרן.

אז מיר האָבן זיך דערוווּסט די נייעס פון קאמינקע, האָב איך אין שיינעם פרימאָרגן גענומען אפשייד פון מיינע ליבע געטרייע עלטערן און זיך מיט זיי געזעגנט.

איך האָב מיין ליבן פאָטער שוין מער ניט געזען. פינף וואָכן נאָך מיין אָפּפאָרן איז ער געשטאָרבן פון עגמת-נפש.

בערל רובין (דיווינסקי)

פילאדעלפיע

# יצחק שדכן

א געדענקמאל צו אים
און זיין איידעלער נשמה

איצי שדכן איז געווען הערש-מנדל שדכנ׳ס אַ זון. ער איז געווען דער איינציקער זין אין דער הערש-מענדל פאַמיליע. פיר טעכטער און איצי.

איך האָב דאַמאָלס געוווינט ביי הערש-מענדלען אין אַן אונטערשטן וווינונג.

אין אַ הייסן זומערטאָג האָט זיך פארשפּרייט אַ קלאַנג אין סטאַווישטש אז ס׳איז אריין אַ באַנדע. אויף דערנאַכט האָבן מיר באמערקט אז אין דער הויז איבערן וועג אַנטקעגן אונזער הויז שפּילן די אָפיצירן פון דער באַנדע אין קאָרטן. הערש-מענדל, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען אַ שרעקעדיקער, האָט א שמייכל געטאָן און איז ארויס פון הויז. שפּעטער האָבן די זעלבע אָפיצירן שוין געשפּילט אין קאָרטן ביי הערש-מענדלען אין הויז, און ער מיט זיי. מיר האָבן געגלויבט אז אונז וועט שוין גאָרניט טרעפן.

אין דער פרי זענען צו אונז אריין צוויי באַנדיטן. זיי האָבן אונטערזוכט ביי מיר אין וווינונג און אין הערש-מענדלס הויז ווו ס׳איז נאָר געווען אַ שפּאַלט. הערש-מענדל איז אין הויז ניט געווען, די מיידלעך זענען דורך די פענסטער זיך צעלאָפן. אין הויז זענען געבליבן נאָר איצי, זיין מוטער, חיה, און איך מיט מיין ווייב. איצי און חיה האָבן באַגלייט די באַנדיטן ביז דער טיר און דאָרט האָט איינער אָנגעשטעלט די ביקס און געשאָסן איצין. די קויל איז אריין אין גראָבן פלייש פון רעכטן פוס און איז דורך — אין זיין מוטער חיה, פאָרנט אין בויך. איצי איז געבליבן ליגן אויפן פאָדלאָגע אין לאַנגן קאָרידאָר. מיר האָבן אים אריינגענומען אינווייניק אין הויז. כ׳האָב געבראַכט אַן עמער וואַסער און אים אָנגעהויבן לייגן קאַלטע קאָמפּרעסן; חיה׳ן האָט מיין ווייב געלייגט קאָמפּרעסן. מיר האָבן געלייגט קאָמפּרעסן און די בלוט איז געפלאָסן.

אזוי האָט אָנגעהאַלטן די אַרבעט פון צוויי ביז דריי שטונדן, דאן איז הערש-מענדל אָנגעקומען און דערזען זיין גרויסן אומגליק. נישט רעדנדיק איז ער באלד ארויס פון הויז. נאָך אַ קורצע צייט איז ער צוריק געקומען מיט עטלעכע מענטשן מיט אַ פערד-און-וואָגן און מען האָט די צוויי פאַרוואונדעטע, איציק און חיה'ן, אוועק גענומען אין שפּיטאָל. ביי חיה'ן האָט מען ארויסגענומען די קויל און זי איז געבליבן לעבן. איצי איז שוין געווען טויט ווען מ'האָט אים געבראכט צום שפּיטאָל פון בלוט פאַרלוסט...

איציק הערש-מענדלס איז געווען אַ בחור פון אַכצן—ניינצן יאָר אַלט. אין געוווקס — העכער פון זיין פאָטער הערש-מענדל, און בכלל העכער פון אַלע אין הויז, וואָס זענען געווען ניט העכער פון פאָטער. אין יענער צייט איז ער שוין אַ פּאָר יאָר ניט געווען אין דער היים; ער האָט געלערנט אין יעליסאוועטגראַד, און איז געקומען אַהיים נאָר צוגאַסט אין דער וואַקאַציע-צייט...

אין די צוויי יאָר וואָס איצי איז ניט געווען אין דער היים, איז ער אויסגעוואַקסן און זיך אַנטוויקלט פיזיש און קולטורעל.

זייענדיק אַ מאן פון העכערן מיטלוווּקס איז ער געווען זייער אַ שיינער, זיינע שוואַרצע אויגן האָבן דיך פשוט געגלעט ווען ער האָט גערעדט צו דיר. זיין דעבאַטירן מיט דער סטאָווישטשער יוגנט איז געווען צו באוואונדערן וויפל דער יונגערמאַן האָט געלערנט און געוווּסט ווי צו ענטפערן יעדן וואָס האָט געפרעגט, אָדער געזאָגט עפּעס וואָס האָט ניט געשטימט מיט זיין מיינונג. די לאָגיק, זיין רוהיקער אויסהערן און ענטפערן זיינע קעגנער, אָדער סימפּאַטיקער איז געווען צו באוואונדערן...

ערע און כבוד זיין אנדענק!

משה גולקא
טאראנטא, אונט., קאנאדע.

## אַן אָנדענק פאַר סטאָווישטש!

ווען איך האָב פאַרלאָזן סטאָווישטש ענדע 1906 איז דאָס געווען אַ טראַדיציאָנעל יידישע שטעטל, פון אומגעפער 1500 יידישע איינוווינער, וואָס דער שולחן-ערוך איז געווען זייער קאָנסטיטוציע, און די רבנים זייערע שופטים. אויסער וואָס זיי זענען געווען אונטערוואָרפן צו דער צארישער מאכט און זייער פּאָליטישער, סאָציאַלער, און עקאָנאָמישער רעכטלאָזיגקייט. דער איינציקער קוואַל פון זייער עקאָנאָמישן לעבן איז בעשטאַנען אין קליינהאנדל.

די פויערים פון די ארומיקע דערפער פלעגן יעדע וואָך קומען, אויף די ירידים, צו פאַרקויפן זייערע אגריקולטורעלע פּראָדוקטן, און אויסטויש, צו קויפן זייערע קליידונג און הויז-מכשירים, ווי אויך צו פאַריכטן די פעלד-געצייגן און וועגענער, און אנדערע נויטווענדיגקייטן.

בעלי-מלאכות ווי סטעלמאכס, קאָוואַלעס, מולערס, סטאָליארעס, שניידערס און שוסטערס זענען געווען אין אַ באַגרענצטער צאָל, ווי יעדער איז געווען זיין אייגענער בעל-הבית מיט אייניקע לערן-יונגען, אָדער אייגענע קינדער.

אַ בעקעריי האָט בלויז געבאַקן בייגל פאַר די מארק-טעג.

קיין אינדוסטריע איז ניט געווען אין שטאָט.

זעלבסטפאַרשטענדלעך אַז קיין אַרבייטער־קלאַס איז ניט געווען.

און אַזוי ווי דאָס שטעטל איז ניט געווען פאַרבונדן מיט קיין אייזנבאַן, איז פאַר פאַרבינדונגען מיט גרעסערע און אַנדערע שטעט, זענען געווען בעלי־עגלות פאַר דעם צוועק.

עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי דער דלות האָט געפייפט אין די מערסטע הייזער פון שטעטל, און דאָך האָט דאָס שטעטל אויסגעהאַלטן צוויי רבנים: יעקב־יוסף, דער באַלעבאַטישער רב, און פיצי אברהם (גאָסינסקי), דער רב פון די אַנדערע איינוווינער (עמך), פיר שוחטים, אַ בית־מדרש, אַ שול (די קאַלטע שול), אַ מאַקאַרעווער, אַ סאַקעליוקער, אַ טאַלנער און אַ ציוניסטישער קלויז, אַלע צום דאַווענען, אַ ביקור־חולים און אַ תלמוד־תורה פאַר גאַנץ אָרימע קינדער.

די הוצאות מ׳שטיינס געזאָגט זענען צום מערסטן געדעקט געוואָרן פון דער טאַקסע (אָפּצאָל אויף שחיטה).

נאַטירלעך עס איז אויך געווען אַ שלאַכט־הויז, אַ באָד, און להבדיל צוויי בתי־עלמין, וואָס דאָס איז געווען קהלישער אייגענטום.

און אַזוי האָט מען זיך געמוטשעט און געלעבט און זיך געגעסן איינער דעם אַנדערן. אין גייסטיקן זין, זענען אַלע געווען ווי איין אָרימע משפּחה וואָס העלפן אַרויס איינער דעם צווייטן לויט די מעגלעכקייטן, אויסער געוויסע אויסנאַמען.

נאַטירלעך האָט זיך יעדער געפילט אַז ער איז גאָטס אַ קינד און ווי דער פאָטער אין הימל באַהאַנדלט אים איז לויט זיין ווערדע. און אַנדערע האָבן זיך געפילט ווי מיוחסים, אויב זייער לעבנסבאַשטאַנד איז געווען בעסער ווי דעם צווייטנס.

געאָגראַפיש איז דאָס שטעטל געווען 50 וויאָרסט פון ביעלאַיע־צערקאָוו (גערופן אין יידיש שוואַרצע־טומאה) און 30 וויאָרסט פון טאַראַשטשע, 15 וויאָרסט פון זאַשקעוו, פון וואַנען משה דיין׳ס פאָטער שטאַמט (ווי איך האָב געלייענט אין „טאָג מאָרגען זשורנאַל").

אגב, וויל איך באַמערקן, אַז גאַלאַנט, איינער פון אונזער קאָמיטעט איז דוכט מיר מיין אַנקעל משה קאַצעביווקער׳ס אַ שטיף זון. מיין פאָטער האָט מען גערופן נחום קאַצעביווקער.

און יעצט אַ פּאָר ווערטער וועגן מיינעם אַ פאָרשלאַג:

איך מיין, אַז די איינוווינער פון שטעטל פון די פריערדיקע דורות ביז היינט צוטאָג האָבן געגלויבט אין גילגול מחילות קיין ארץ ישראל נאָך זייער טויט, און אַלע מצבות פון אונזערע עלטערן זענען זיכער אָפּגעווישט געוואָרן פון דער יעצטיקער קאָמוניסטישער, און לאָמיר זאָגן, אוקראַינישער באַפעלקערונג — וואָלט געווען אַ פּלאַן צו קויפן אַ שטרעקע באָדן אין ארץ־ישראל צו פאַרפלאַנצן בוימער אויף דעם נאָמען פון סטאַווישטשער שטעטל. איך דענק עס בעדאַרף קאָסטן אַ 1500 דאָלאַר און דערמיט פאַראייביקן אונזערע עלטערנס אַנדענק. אַ בוך געשיכטע אַליין וועט מיט דער צייט אינגאַנצן פאַרגעסן ווערן. דער זעלבער קאָמיטעט זאָל אונטערנעמען אַזאַ אַרבעט דורך צופירן.

י. רובין
ניו־יאָרק

# פערזענלעכקייטן

## א

שמואל בעל־טקסה (שמואליק אברהם'טשעס) א פרומער ערלעכער ייד געווען, א לערנער און זייער א קלוגער. ער האָט געוווינט לעבן נחמן ראָזענבליט, דער „פאלנאמאץ״ פון סטאַווישטשער מעשטשאנסקער אופראווע״ אין זיין אייגענער הויז. אויף דער עלטער האָט ער די הויז פארקויפט פאר א ציוניסטישן בית המדרש און קינדער־שול. ער האָט געהאנדלט מיט האָלץ און הילצערנע כלים, פעסלעך, העמערס און אנדערע זאכן, ער האָט געקענט לעזן א ביסל רוסיש, געקענט אנשרייבן ענגלישע אדרעסן. פון דער גאנצער שטאָט פלעגן מענטשן צו אים קומען שרייבן אדרעסן פאַר בריוו און פאָסט־קאַרטן פאַר זייערע קרובים קיין אמעריקע און ענגלאנד.

ער איז געווען אַ וויצלער, דערציילט אנעקדאָטן, פארשידענע מעשהס און ליב געהאט אפצוטאָן שפיצלעך. איך האָב שוין אויבן דערציילט, אז זיין הויז איז געשטאנען לעבן נחמן ראָזענבליטס הויז, שכנים איינער לעבן אנדערן און שמואליק פלעגט אָפט באזוכן זיין שכן. — נחמן ראָזענבליט האָט געהאט דריי זין און עטלעכע טעכטער, זיין עלטערער זון שמחה איז אוועק געפאָרן קיין אמעריקע אין אפזייענדיק דאָרט עטלעכע יאָר איז ער געקומען צוריק שיין געקליידעט, מיט א נייער הוט (א שליאפע) וועלכע איז געווען ביי אונז אין יענע יאָרן אַ „לוקסוס״. נאָר אינטעלעגענטן און פארמעגלעכע לייט האָבן זיך געקענט ערלויבן צו קויפן א הוט.

פון פרומע יידן איז דאָך אָפגערעדט אז זיי וועלן קיין שליאפעס ניט טראגן, און שמואליק אברהם'טשעס איז דאָך געווען א פרומער ייד, א חסיד פון דער סאקאליוועקער קלויז ווו אונזער רב, הרב פיציע אברהם גאיסינסקיע האָט געדאווענט.

אז שמחה רוזנבליט איז געקומען פון אמריקע אין א שליאפע, איז שמואליק אריין געקומען אים אפגעבען א שלום־עליכם. שמואליק האָט אים געמאכט א קאָמפלימענט אז ער טראָגט זייער א שיינע הוט. רופט זיך צו אים אָפ שמחה בזה הלשון: ר' שמואל, איך וועל אייך שענקען מיין הוט, אויב איר וועט אין דעם היינט גיין דאווענען אין שול אריין.

שמואליק האָט געהאלטן וואָרט און איינגעשטימט צו די רייד פון שמחה ראָזענבליט.

געווען איז דאָס שבת פרי ווען אלע יידן אין שטאָט לאָזן זיך ארוים צום דאווענען, א שיינער טאָג איז דאן געווען, די זון האָט געשיינט, טרוקן און ווארעם, יונג און אַלט האָבן געשטראָמט צו די בתי־מדרשים. אז מען האָט דערזען שמואליקן מיט דער רויטער פאטשיילע אויפן האלז, מיטן טלית וועלכער האָט זיך ארוים געזען פון אויבערראָק און מיט דעם הוט אויפן קאָפּ איז קיין ווונדער ניט געווען וואָס דער עולם איז אלץ גרעסער געוואָרן, און מ'האָט אים באגלייט אין שול אריין און פון שול צו זיך אין הויז. דאָס איז געווען איינס פון זיינע שפיצלעך וואָס ער האָט אָפ געטאָן און זיך נישט געשעמט פאר קיינעם. עס פארשטייט זיך — די הוט איז פארבליבן ביי אים.

נאָך א געשיכטע דערמאנט זיך מיר וואָס האָט

פאסירט מיט שמואליקן. ביי אונז אין שטאָט איז געווען א ייד מיטן נאָמען חיים־יעקב טשערקעס (חיים־יעקב לייבושעס), ער האָט געהאנדלט מיט וויין, דאָס הייסט ער האָט געהאט א וויין קעלער און יעדן ערב פסח איז שמואליק געקומען צו אים מיט א גאלאן־פלאש צו קויפן וויין אויף פסח. ווי באקאנט איז שמואליק געווען א פרומער ייד און אָפּגעהיט אלע דינים און מנהגים כדת משה וישראל. איז ער געקומען ערב פסח צו חיים־יעקב'ן מיט צוויי פלעשער איינצוקויפן וויין אויף פסח.

חיים־יעקב, וויסנדיק אז שמואליק האָט שוין אויסגעגעבן זיינע קינדער און ער האָט ניט קיין גרויסע פאמיליע אחוץ אים און זיין פרוי האָט זיך זייער געוואונדערט, טוט ער אים א פרעג: ר' שמואל, ווי שיקט זיך דאָס וואָס איר זענט געקומען מיט צוויי פלעשער? איר האָט היינט געסט אוןַ איר דארפט מער וויין?

ענטפערט ער אים: פארשטייסט מעך, איך וויל דעך בעטן זאָלסט מיר געבן אין איין פלאש דעם וויין און אין צווייטן פלאש די וואַסער, און איך וועל שוין אליין צוזאמענמישן נאָך מיין טעם. אזעלכע וויצן און געשיכטעס פלעג מיט אים אָפּט פאסירן, ער האט געוווסט ווי אזוי זיך באגייען



די מוטער פון לאה מאזור, שוויגער פון אפרים „טעטיעווסקי"

מיט מענטשן, סיי מיט יונגע און סיי מיט על־טערע. א קלוגער ייד געווען, א חשובער ייד. ער איז געשטאָרבן אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג אין עלטער פון 80 יאָר, ערע זיין אנדענק.

ב

אפרים מייזער איז געווען א געלערענטער ייד, א למדן, ניט נאָר אין יידיש און העברעאיש, נאָר אויך אין רוסיש איז ער געווען גוט בעהאוונט. ער איז געווען פרום אָבער ניט פאנאטיש, ער פלעגט זיצן יומם ולילה און לערנען, און זיין פרוי האָט געפירט די געשעפטן, פון צייט צו צייט האָט ער איז ארויס געהאָלפן.

ווי צו א קלוגן יידן איז מען צו אים געקומען האלטן אן עצה און זייער אָפּט האָבן מענטשן אים באשטעלט פאר א בורר אין געשעפט־סכסו־כים אָדער פערזענלעכע קאָנפליקטן. איך האָב אים געקענט זייער גוט, ווייל מיר האָבן געדאוונט אין איין מקום־קדוש, אין דער „מאקאראווער קלויז", דעמאָלט בין איך נאָך געווען יונג און איך האָב אים זייער הויך געשעצט.

אין די פריערדיקע יאָרן איז אין סטאַווישטש



אפרים מאזור, דער בוכהאלטער פון סטאווישער באנק סיידא־זבערייגאטעלני׳א

קיין באַנק ניט געווען אין די פריערדיקע יאָרן איז אין סטאַווישטש; מיט דער צייט האָט זיך געגרינדעט א „ססודע סבערגאַטעלנע קאַססע", דאָס הייסט אַזאַ באַנק ווו מענטשן האָבן געקענט באָרגן א פּאָר הונדערט רובל ווען זיי האָבן זיך גענויטיקט אין געלט און פאַר א קליינעם פּראָ־צענט, א מין גמילות־חסדים־קאַסע און אפרים מאַזער איז דאָרט געוואָרן בוכהאַלטער.

די דאָזיקע באַנק איז געווען אונטער דעם אויפזיכט פון דער רעגירונגס־באַנק־אַדמיניסט־ראַציע און די ביכער זענען געפירט געוואָרען אין דער רוסישער שפּראַך און אפרים מאַזער איז גע־ווען פאַר דעם פאַראַנטוואָרטלעך.

מיט א צייט שפּעטער איז אין סטאַווישטש געגרינדעט געוואָרן אַן אָפיציעלע באַנק מיטן



לאה מאזור, די פרוי פון אפרים מאזור (אין אמעריקע)

נאָמען „אבשעסטווא ווזאַאימנאַווא קרעדיטא". בנימין פיינזילבער פון אפּטייטשנע סקלאַד איז געוואָרן דער פּרעזידענט און אפרים מאַזער בוכ־האַלטער. די באַנק האָט עקזיסטירט ביז נאָכן ערשטן וועלט־קריג, ביז עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען די פּאָגראָמען אין 1918—1919 און 1920. און עס איז שוין געווען אוממעגלעך אויסצושטיין פון די באַנדיטן און כמעט אַלע מענטשן האָבן געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט.

אפרים מאַזער, ווייל איך זאָגען, איז געווען א מענטש מיט א גוטן פאַרשטאַנד, א בר־דעת, ראַיעל און ערלעך צו גאָט און צו לייט. מען האָט זיך געקענט אויף אים פאַרלאָזן און מ'האָט אים ניט געקענט איבערקויפן, שווער צו געפינען אַזעלכע ערלעכע און פיינע מענטשן.

דאָבע סאַמעט (שיינע׳ס)
מאנטרעאל, קאנאדע.

# זיך אויסבאהאלטן

איך געדענק ניט אין אַ וואָסער יאָר דאָס איז געווען. נאָר איך געדענק עס איז געווען ניי־יאָר־אָוונט. איך און מיינע צוויי שוועסטער האָבן זיך אויסבאהאלטן ביי הארעך דעם דאָקטער. מיינע עלטערן מיט מיין ברודער זענען געווען ביי הארעך דעם דאָקטער׳ס קאָבער, דאביצקי.

עס איז געווען די ציים ווען די באָלשעוויקעס האָבן זיך געיאָגט נאָך די דעניקינצעס. לויפנדיק דורך סטאָווישטש זענען א גרויסע מחנה דעניקינ־צעס איינגעשטאַנען ביי הארעך דעם דאָקטער. זעענדיק מיך דאָרט האָבן זיי געפרעגט ווער איך בין? איך בין געווען אָנגעטאָן ווי א שיקסע.

האָט הארעכס ווייב געזאָגט אז איך בין א פּאַליאַטשקע און איך ניי פאר זיי. אַלע אָפי־צירן זענען געקומען מיט זייערע צעריסענע הויזן איך זאָל זיי פארלאַטן.

זיצנדיק אויפן אויוון מיט מיינע שוועסטער־לעך זענען מיר געווען אָן שרעק און מורא. די אָפיצירן האָבן צוגעקוקט ווי אזוי איך האָב גע־לאַטעט זייערע הויזן און זיך צעשטאָכן מיינע פינגער. זיי זענען געווען זייער צופרידן און איי־ניקע האָבן מיר אפילו געגעבן מתנות.

אויפן צווייטן טאָג איז אריין א „ראַזוועדקע״ פון די באָלשעוויקעס. ווען די דעניקינצעס האָבן פארלאָזן סטאָווישטש, איך מיט מיינע שוועסטער זענען פארבליבן אין דאָקטער הארעכס הויז. דעם דאָקטערס ווייב זאָגט צו מיר: איך האָב דיך אויסבאהאלטן פון די דעניקינצעס, וויל איך דו זאָלסט מיך ראַטעווען פון די באָלשעוויקעס (וואָס איך האָב שוין געקענט טאָן פאר איר?). זי זאָגט צו מיר: די באָלשעוויקעס איז דאָך א יידישע „וולאַסט״ — רעגירונג.

די ערשטע וואָס זענען אריין האָבן זיך באַלד גענומען צו דער ארבעט. זיי האָבן אָנגעהויבן ראַבעווען. זיי האָבן געזוכט דעם דאָקטערס טאָכ־טער מאָרוּסיע. זיי האָבן איר פאראומגליקט. מען קען זיך ניט פאָרשטעלן וואָס זיי האָבן געמאַכט פון דער הויז, אַלעס צעבראָכן, ארויס־געשלעפּט אַלע געטראַנקען. זיי האָבן געגעבן א באַפעל מען זאָל קאָכן און באַקן פאר זיי (איר האָט שוין געמעגט זען די מענטשן וואָס האָבן געגעבן די באַפעלן). איך געדענק נאָך ווי היינט, איך האָב געמאַכט א גרויסן באָרשט, אזא יאָר אויף זיי וואָספאר א טעם דער באָרשט האָט געהאַט... זיי זענען געווען אזוי שיכור, אז האָבן גאָרניט געוווּסט וואָס עס טוט זיך מיט זיי.

צווישן די באָלשעוויקעס האָט זיך דאָרט געפונען איינער אַ גרויסער, גראָבער באַנדיט. ער רופט זיך אָן צו מיר: דו ווייסט, דו געפעלסט מיר. איך וועל דיך נעמען מיט זיך. איר קענט זיך שוין פאָרשטעלן ווי איך האָב זיך דאן געפילט...

נאָכן שיכורן אזוי פיל זענען זיי אנטשלאָפן געוואָרן. צוועלף אזייגער ביינאַכט רוף איך זיך אָן צו מיינע שוועסטער: לאָמיר לויפן! וווּ זאָלן מיר לויפן פון דאַנען? און מיר זענען אוועק אויף דער פשינקע.

דאָרט האָט געוווינט א שרייבער פון דעם פרידנס־געריכט, ארדענסקי. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין טיר. ער האָט אונז אריינגעלאָזט, און גלאָזט

אונז שלאָפן אויפן בוידעם, אונז צוגעדעקט מיט פוטערס וואָס מיינע עלטערן האָבן דאָרטן פאַר־באַהאַלטן.

גאַנץ פרי האָט ער אונז געהייסן גיין. ער האָט מורא געהאַט אונז האַלטן אין זיין הויז.

זענען מיר אַוועק צו אונז אין הויז און מיר האָבן שוין געטראָפן דאָרט אונזערע עלטערן און מיין ברידער.

בערל רובין (דיווענסקי)
פילאַדעלפיע

## דערינערונגען פון אַ נאַכט

אַזוי ווי אַ חלום קומט עס מיר פאָר, ווי דאָס וואָלט ערשט געטראָפן.

ס'איז שוין לאַנג געווען נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע. מ'האָט זיך שוין אָנגעהערט פון אַלע שרעקלעכע פּאָגראָמען און הריגות וואָס גייט אָן איבער רוסלאַנד אויף די יידן; מיר האָבן אויך געהערט פון אַ סך שטעט ווו די יידן האָבן געהאַט „סאַמאָאַבאַראָנעס" (זעלבסטפאַרטיידיגונג־חברות) וועלכע האָבן אָפּגעשלאָגן די באַנדיטן, ווי באַהוסלאַוו און טעטיעוו.

איינמאָל אַ נאָך מיטאָג איז צו מיר אַריין געקומען ישראל ציניסעס זון. דער יינגער צינים איז געווען אין דער אַרמיי און האָט זיך ניט לאַנג אומגעקערט אַהיים.

אויף מיין פראַגע — וואָס איך קען טאָן פאַר אים, איז זיין ענטפער געווען: ער ווייסט אַז איך אינטערעסיר זיך מיר זאָלן דאָ שאַפן אַ „סאַמאָאַבאַראָנע" אין סטאַווישטש, ער וואָלט וועלן זיין אין דער סאַמאָאַבאַראָנע. מ'קאָן איצט קויפן געווער האַלב אומזיסט און ער ווייסט ווו מ'קאָן דאָס קויפן. פאַר פינף און צוואַנציק רובל וועט ער ברענגען גענוג געווער. — ווייסטו אונז לערנען ווי צו האַלטן אַ ביקס און ווי אַזוי צו שיסן? — אומבאַדינגט!, האָט צינים כמעט אויסגעשריגן.

זיינע אויגן האָבן געקוקט שטאַר אויף מיר און זיין פּנים איז געווען צונטער רויט...

מיר האָבן נאָך באַהאַנדלט דעם ענין און באַשלאָסן ער זאָל קומען נעקסטע וואָך צו מיר. אין באַשטימטן טאָג איז צינים געקומען, באַקומען דאָס געלט און איז אָפּגעפאָרן קיין ביילאַצערקאָוו, איינקויפן געווער. מיט די חברים פון דער „זעלבסטשוץ" האָב איך זיך באַשעפטיקט. איך האָב געהאַט אַ פינף און צוואַנציק מיטגלידער, צווישן זיי געדענק איך: לייב שניירערס און משה כהן. ס'איז באַשלאָסן געווען צו האַלטן די זאַך בסודי סודות.

אין שטאָט איז כלומרשט געווען שטיל; ס'איז אָבער געווען אַ שטילע סומאַטאָכע. יעדע־רער האָט גערעדט, יעדן האָט מען געגלויבט און יעדערער האָט געמיינט לטובת הכלל,האָט מען גערעדט וואָס מ'האָט געוווּסט און וואָס מ'האָט ניט געוווּסט. און דער פּאַניק איז געוואָרן גרעסער און גרעסער...

צינים איז געקומען און געבראַכט איבער צוואַנציק רעוואָלווערן און אַ פּאָר ביקסן. נאָך פרייוויליקע זענען צוגעקומען. יעדערער האָט צוגעזאָגט צו האַלטן די זאַך בסוד און צו שלאָגן זיך ביז דער לעצטער מינוט...

דאָס געווער איז געווען גוט באַהאַלטן. ווען

מ'איז געגאנגען אויף היבונגען האָט יעדערער געקריגן זיין שטיק וואָפּן און איז געקומען צו צענטער.

ציניס איז געווען דער קאָמאנדיר. איך בין געווען דער עלטסטער פון דער אָרגאניזאציע...

ס'איז אריבער אייניקע טעג; יידן האָבן זיך אביסל בארוהיגט. ס'האָט זיך געדאכט אז קיינער ווייסט גאָר ניט פון זעלבסטשוץ, פון געווער און א.וו.. און אין די העכערע שיכטן וועט מען קענען האלטן דעם סוד, ווייזט זיך אָבער ארויס אז דער סוד איז אויסגערונען, און אין שטאָט, ווו מ'איז נאָר געגאנגען האָט מען געהערט ריידן פון דער „סאמאאבאראנע" און די „אבאראנצעס". אַלט און יונג, קליין און גרויס האָבן גערעדט, אייניקע צום גוטן, אייניקע צום שלעכטן, ווער ס'זענען די אנטייל נעמער און ווער ס'פירט אָן מיט זיי...

אין אייניקע טעג ארום, א דינסטיק נאָך מיטאָג, עפענט זיך די טיר און ס'קומען אריין דער רב פיצי־אברהם מיט הירש־מענדל שדכן ע"ה און אָן שום פאָררעדעס זענען זיי צוגעטרעטן גלייך צום ענין: „הער אויס בערל — האָט פיצי אב־רהם גענומען רעדן — ס'איז שטיל אין שטאָט, לאָמיר האָפן אז ס'וועט אזוי פארבלייבן, און מיר וועלן מער פון קיין צרות ניט וויסן. איר זענט א גרופע גוט אָרגאניזירט און האָט געווער, מיר ווייסן עס און די גויים ווייסן אויך דערפון. מיר האָבן היינט גערעדט מיט דער פאָליציי, זיי פאָדערן פון אונז די געווער און מיר פאָדערן עס פון אייך איר זאָלט דאָס איבערגעבן זיי. זיי זאָגן אונז צו אזוי ווייטער און א.וו. איך האב איינגעטענהט מיט זיי אריבער א שעה צייט אָבער ס'האָט גאָר ניט געהאָלפן. ס'איז געבליבן: איבער שמועסן מיט דער אָרגאניזאציע... און די געווער איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די שלוחי הקהל...

אין עטלעכע טעג ארום איז קיין סטאָווישטש אריין א באַנדע פון צען אָדער עלף באנדיטן. זיי האָבן באלד געלאָזט הערן פון זיך מיט שיסערייען...

כ'האָב באלד געלאָזט וויסן די חברים פון זעלבסטשוץ. אָבער צוליב וואָס? אז קיין וואָפּן האָבן מיר שוין ניט געהאַט...

איך און לייב שניאור'ס און מיינ'ס א זון — אין גאנצן א ניין אָדער צען יאָר אַלט זענען ארויס צום גרויסן מארק־פלאץ נעבן דער גרויסער קרעטשמע אנטקעגן די סמאליארעס. דאָרט זענען געשטאנען פיר יונגע שקצים ניט מער פון זעכצן— אכצן יאָר אַלט אָנגעשפארט אויף ביקסן אזוי ווי אויף בענקלעך, ניט צוזאמען נאָר אין פארשידענע זייטן, אזוי אז ס'איז מעגלעך געווען דורך צוגיין נעבן יעדן איינעם און ארויסקלאפן די ביקס פון אונטער אים. די יידן אויפן פלאץ זענען זיך דערווייל צונויפגעקומען באטראכטן די לאגע. מענדל האנאפאלסקע איז געשטאנען דערביי און רופט זיך אָפּ: ניין, קינדער, איך וועל זיי אוועק נעמען, זיי געבן מיטאג און ס'וועט גאָר ניט זיין.

מענדל האָט די פיר צוגענומען, און דאָ האָבן מיר דערהערט ביטערע קולות ארויסרייסן זיך פון אייניקע הייזער. ביז מיר האָבן זיך אומגעקוקט האָבן רייטער אנגעפאנגען ארויס קומען פון שמאָלע געסלעך און ארום לויפן איבער דער שטאָט. איך מיט מיין זון זענען שוין אויך אנט־לאָפן. און אזוי לויפענדיק זענען מיר געלאָפן דורך פעלדשער טאדארקעס הויף צום גדאלקעס און אין א שיפל זיך געמאכט א נאכטלעגער...

דורך דער נאכט האָבן מיר געהערט שיסע־רייען פון ביקסן, ברעכן שויבן, יאמערלעכע געשרייען און געוויינען...

גאנץ פרי איז געווארן שטיל אין שטאָט. מיר זענען אוועק אהיים.

ישראל שומסקי (ציניס)
חבצלת, ישראל

# עיירתנו סטוישצה

העיירה סטוישצ׳ה היתה אחת מהאחוזות הרבות של הגרף ברניצקי. משרדו הראשי של הגרף היה בעיירה מאחוריה. הארמונות, שבהם גרו עובדי המשרד ובהם גם הרופא, המילדת ובית-החולים, היוו כעין קריה קטנה. שתי כנסיות היו בעיירה: פרבוסלבית וקתולית, וגם מרפאה. שני נחלי מים, שעליהם עמדו שתי טחנות קמח, חכורות בידי יהודים ושני בתי-חרושת של משרפות יין ומיבשל בירה. בפרברי העיירה שכנו אכרים.

אוכלוסית היהודים מנתה כעשרת אלפים. חלק גדול היו בעלי מלאכה והיתר היו סוחרי תבואה, ביצים, קצבים וחנונים. החנויות והאט־ליזים היו במרכז העיירה ולפניהם שוק. בככר השוק היו דוכנים, רובם בידי נשים. הן היו מוכרות מיני סדקית: מחטים, חוטים, סרטים צבעוניים בשביל הצעירות הנוצריות, סבון ועוד. היו גם דוכנים של מוכרי לחם ומיני מאפה. על הקרקע היו יושבות נשים מוכרות כל מיני פירות: תפוחים, אגסים, דובדבנים ועוד. גם נשי הקצבים היו מוכרות שם קרבי הבקר: מעים וריאות לתושבים העניים. גם נוצריות היו יושבות שם ומוכרות בשר חזיר לאכרים.

אחרי כל שבועים, ביום ראשון, היה בעיירה יום השוק (יריד). ביום ההוא היו מתכנסים אכרי הסביבה ומביאים את תוצרתם למכירה ולקנות את מצרכיהם. היו מביאים תבואה, בהמות גסות ודקות, סוסים, עורות בקר וסוסים, עורות שועלים, ארנבות, נמיות ועוד. בקיץ היו מביאים פירות למכירה. האכרות הביאו בד עבה מעשה ידיהן, סיבי קנבוס ואניצי פשתן, עופות וביצים. בחורף היו מביאות אווזים למכירה. היו משפחות, שהיו מפטמות אווזים, מטגנות את השומן ושולחות אותו לאודיסה.

לפנות ערב, אחרי שהאכרים מכרו את תוצרתם היו קונים מגפים, קרשים, מסמרים, זפת וכלי עבודה. בחורף, בימי צומם, היו קונים דגים מלוחים ויבשים. האכרות היו קונות: מנופקטורה, סוכר, שמן, קמח וכו׳.

עד כאן המצב החמרי שבעיירה. והנה המצב הרוחני:

בעיירה היו חמישה בתי-תפילה: 1) בית כנסת, בו התפללו „עמך״, 2) בית מדרש לחסידי סקווירה וסתם אנשים, 3) קלויז לחסידי סוקוליבקה, 4) קלויז לחסידי טולנה, ו-5) קלויז לחסידי מקרוב. בשנים הראשונות למאה העשרים נבנה בית־תפילה לציונים. היה בה בית תלמוד-תורה, שבו היו לומדים גם בני האמידים בשכר, רובם בני הציונים. תלמוד-התורה היה נתמך על-ידי „חברת מפיצי השכלה בין היהודים ברוסיה״, אשר בעיר פטרבורג. היו בה גם מלמדי-דרדקי ומלמדי שפת עבר ותנ״ך למתחילים ומלמד שפת עבר ודקדוק לנערים יותר מבוגרים. תלמידים שגמרו את התלמוד-תורה יכלו להכנס ל״בית-הספר הגבוה למתחילים״ בעל ארבע מחלקות של הממשלה למחלקה א׳, ורבים אף נכנסו, כי בתלמוד-תורה למדו מלבד הלמודים העבריים גם למודים כלליים. שכר הלמוד בבית-הספר ההוא היה סמלי: ששה רובל לשנה. בית-חולים לא היה בעיירה ושני

רופאי הגרף היו משרתים גם את היהודים. בחתימת הרופא היו נותנים בבית-המרקחת הקתולי תרופות חנם ולעתים על חשבון הגרף. היה בה גם חובש יהודי וגם שני חובשים נוצרים ושני מחסני מרקחת בידי יהודים, שהיו מוכרים גם תרופות מורכבות על פי רשימות הרופאים או החובשים. היה בה בית-מרחץ לא מודרני. נבנתה בה מסילת-ברזל; אולם שנים רבות לא פעלה.

בשנת 1897, שנת הקונגרס הציוני הראשון, נוסדה בעיירתנו אגודה ציונית שכותב הטורים האלה היה מזכירה עד 1915, שאז שלחה אותי חברת מפיצי השכלה הנ"ל בתור מורה לעיר קרמניץ פלך ווהלין. החרדים מתושבי העיירה התנגדו לציונות ויתר התושבים היו אדישים לציונות, בכל זאת הפיצונו בין התושבים יותר מארבע מאות מניות של „אוצר התישבות היהודים" (קולוניאל בנק) אשר בלונדון.

בזמן שעברו כנופיות הרוצחים של דניקין ופטלורה כבר לא הייתי בסטווישצ'ה. זהו מה שאני זוכר על העיירה.

א. בן-חיים

תל-אביב

# עפיזאָדן

די יידישע איינוווינער פון סטאווישטש האָבן זיך גרויס-געהאלטן מיט דער... גראפסטווע. משמע ס'ניט סתם אַ יידיש שטעטל גלייך מיט אלע אנדערע שטעטלעך — ס'האָט אַ גרויסן יחוס — די גראפסטווע.

אמת איז, אז דער גראף איז דאָרט וויניק-וואָס געווען. ער האָט זיך געהאלטן דאָרט „ווי א סאראקע אויפן דאך" (ווי עס זאָגט דאָס פאָלקס-ווערטל), אָבער סטאווישטש איז פאָרט געווען די „רעזידענץ" פונם גראף און האָט געהאלטן דאָרטן א גאנצן „שטאב" פון בעאמטע און דינער, וואָס האָבן געהייסן אין שטעטל „די פריצים"...

זיי האָבן געוווינט אין דעם שענסטן פערטל אין פיינע געמויערטע הייזער ארומגערינגלט מיט טייערע פרוכט-גערטנער, בוימער און בלומען — אין קעגנזאץ צו דעם יידישן טייל מיט געמיינע שטיבלעך אָן א סימן פון גרינס — חוץ אפשר א פאָר הייזער פו די „גבירים אדירים", וואָס האָבן פארמאָגט (אָדער מ'האָט געמיינט אז זיי פארמאָגן) מערסטנס א פאר טויזנט רובל...

*

מיין פאָטער, עליו השלום, א געבוירענער סטאווישטשער, פלעגט צומאל דערציילן געשעענישן פון דער גראפסטווע. אייניקע פון זיי געדענק איך:

איינמאָל האָט דער גראף, וואָס האָט שטענדיק ארומגערייזט איבער דער גאנצער וועלט, געקויפט אין א אראביש לאנד א פערד און געהייסן אים עס אָפשיקן קיין סטאווישטש. האָבן אים דען געפעלט פערד? אָבער דער גראף האָט געוואָלט האָב דווקא אָן אראביש פערד, כדי צו קאָנען זיך בארימען פאר די ארומיקע פריצים...

איר שפּילט זיך וואָס א גראף קאָן אויפטון אויף צופיקעניש אנדערע פּריצים?.. ויהי היום איז קיין סטאָווישטש אָנגעקומען דאָס אראַבישע פערד צוזאַמען מיט א ספּעציעלן באַגלייטער — אַן אראַ־בער אין ברייטע שוואַרצע הויזן מיט ברענענדיקע גרויסע אויגן...

דער שרייבער פון די שורות וויל דאָ צוגעבן א פּאָר ווערטער „זייטיקע": ווען מיין פּאָטער האָט דערציילט די געשיכטע האָט זיך אין מיין קינדערשן געדאַנק (איך בין דאַמאָלס אַלט־געווען אַ יאָר 9 אָדער 10) געשאַפן אזא פאַנטאַזיע: א אראַבער — דאָס איז ישמעאל דער זון פון הגר וואָס אברהם אבינו האָט משלח געווען פון זיין הויז... דער קליינער ישמעאל האָט זיך דערצויגן אין דעם מדבר אָן א אויפזיכט פון אַ טאַטן, אין קיין חדר איז ער ניט געגאַנגען און ביי קיין מלמדים ניט געלערנט — איז פון אים אויסגעוואַקסן א פּרא־אדם... ער איז אַרומגעלאָפן אין דעם מדבר און זיך געיאָגט נאָךווילדע פערד... דערפאַר זענען די אראַבישע פערד אזוי ווילד און פלינק...

און איצט וועלן מיר זיך אומקערן צו אונזער שמועס:

די יידן אין שטעטל האָבן דערציילט (ווי אזוי זיי האָבן דאָס געוווסט קאָן איך אייך ניט זאָגן...), אז דאָס טייערע פערד מיטן באַגלייטער האָט מען געפירט אין שיף אין א באַזונדער קאַבינע; דאָס זעלבע אין פאַרשידענע באַנען, צום סוף אין א באַזונדער וואָגן ביז סטאָווישטש. אין דער גראַפסטווע האָט מען אויפגעשטעלט א ספּעציעלע שטאַל צוזאַמען מיט א וווינונג פאַר דעם באַג־לייטער... מ'האָט געפּראַוועט א גרויסע סעודה — כיד המלך — לכבוד די טייערער געסט. ס'זענען זיך צונויפגעפאָרן פּריצים מיט זייערע פרויען פון דער גאַנצער סביבה און יעדער האָט באַוווּנדערט דאָס אמת שיינע פערד מיט די דינע, געטאָקטע פיס...

ס'האָט גענומען פיל צייט ביז דאָס פערד האָט זיך צוגעוווינט צום קלימאַט, צו דער סביבה.

ווער רעדט פון געלט וואָס דאָס אלעס האָט אָפּגעקאָסט!..

ענדלעך איז געקומען דער גרויסער טאָג ווען דער גראַף בכבודו ובעצמו האָט זיך געזעצט אויף דעם רייך אנגעזאַטלטן פערד און מיט גרויס גאווה אַרויסגעפאָרן אויף דעם שפּאַצירן...

אין א צייט אַרום איז דער גראַף צוריקגע־קומען און ביים טויער פון שטאָט האָט דאָס פערד... געפּלאַצט...

*

און נאָך א אמת'ע מעשה האָט מיין טאַטע ע"ה דערציילט:

איינמאָל איז די גראַפיניע קראַנק געוואָרן — האָט מען באַלד אַרויסגעפאָדערט די גרעסטע פּראָפעסאָרן פון קיעוו און זיי האָבן אויסגעפונען אז מען דאַרף שפּייזן די קראַנקע גראַפיניע מיט די מילכם פון פיש.

אין סטאָווישטש איז פאַראַן א גרויסער טייך מיט די טייערסטע פיש, האָט מען געהייסן פון דער גראַפסטווע פאַנגען א סך פיש כדי אַרויס־באַקומען פון זיי די מילעכס. איז דאָך געבליבן פיל פיש וואָס האָבן אין זיך רויג, אויך די וואָס מ'האָט ביי זיי אַרויסגענומען די מילעכס — האָט דער גראַף געגעבן א באַפעל מען זאָל טיילן די יידן אויף שבת אומזיסט די פיש...

סטאָווישטשער יידן האָבן געהאַט אויף שבת פיש די והותר ביז נאָך דער מלווה־מלכה...

ישראל רובין
ווייט פליינס, נ.-י., פאראייניקטע־שטאטן.

# געקומען פון יענער וועלט...

איך, ישראל ראבטשאנסקי, בין געבאָרן געוואָרן אויף דער ראסקאשנע, אָדער ווי מען האָט דעם דאָרף גערופן קסענזיוווקע. איך האָב געהאט זעקס ברידער און איין שוועסטער, וועלכע איז געשטאָרבן אין סטאווישטש אין דער צייט פון ערשטן וועלט-קריג.

אַ עפּיזאָד וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר אליין וועל איך מיין גאַנץ לעבן נישט פארגעסן.

פּאַסירט האָט דאָס ווען עס איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע און די רוסישע ארמיי איז זיך צעלאָפן אין אַלע עקן פון רוסלאנד און האָבן מיט גענומען מיט זיך אלע וואפן וואָס זיי האָבן געהאט און זענען געקומען אין זייערע דערפער. יעדער שייגעץ וואָס האָט געקענט אביסל ליינען און שרייבן איז געוואָרן אַ פירער, אַ נאַטשאַלניק, און האָט אָרגאניזירט א באנדע שקצים. זייער לאָזונג איז געווען: „בעי זשידאוו, ספאסיי ראסייא!" און אזוי האָבן זיך די פּאָגראָמען אָנגעהויבן. מען פלעגט אָנפאלן אויף די קליינע שטעטלעך האָבן אָרגאניזירט „אבאראָנעס" צו ראָבירן אלעס וואָס איז געקומען אין די הענט.

אלע קליינע שטעטלעך אין דער אוקראַינע האָבן געלעבט אין פחד די גאנצע צייט. אייניקע שטעטלעך האָבן אָרגאניזירט „אבראָנעס" צו פארטיידיקן זיך, אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן.

אַ קליין שטעטל האָט דאָך באַדאָרפט פון עפּעס לעבן, פלעגט מען איינשטעלן דאָס לעבן און פאָרן אויף די ירידים, זונטיק אין קרוויסעלעווקע, מאָנטיק אין פיאטער, דינסטיק אין סטאַווישטש און דאָנערשטיק אין זשאשקאוו.

און דאָ קום איך צו דער געשיכטע וואָס מיט מיר אליין האָט פּאַסירט. דאָנערשטיק בין איך מיט נאָך א פּאָר מענטשן אוועק געפאָרן קיין זשאָשקעוו אויף דעם יריד. אין יענעם געגנט האָט זיך געפונען א באנדיט, קאזאקאוו, אין מיטן יריד, א זייגער צוויי נאָך מיטאָג האָט זיך בער קאזאקאוו באוויזן מיט א באנדע פון 25 כאָלאָגאנעס און מען האָט גלייך אָנגעפאנגען צו ראָבעווען און צו שלאָגן יעדן איינעם און ווער עס האָט זיך אנקעגן געשטעלט האָט מען אים גלייך דערשאָסן. די באנדיטן האָבן געראבעוועט און געכאַפּט איינער פונם צווייטן די בעסערע זאכן, זענען זיי געווען אביסל פארנומען מיט זיך. דער קאָמאנדיר אליין, קאזאקאוו, איז געשטאנען אין מיטן שטאָט און האָט געהאלטן אַ רעדע צו די גויים וואָס זענען געקומען אויפן יריד, אז אלע יידן זענען קאָמוניסטן און אזוי שנעל ווי מען וועט פּטור ווערן פון אלע יידן וועט מען אויך פטור ווערן פון די קאָמוניסטן. אלע גויים האָבן געשריגן: „הורראַ!"

קאזאקאוו האָט געהאט א זינדעלע פון אַ יאָר 14. ער האָט געריטן אויף אַ קליין פערדעלע, אַ „מוצעקל", וואָס וואקסט קליין. אים האָט נישט אינטערעסירט דאס ראבירען. ער האָט ארויסגעצויגן די שאשקע, נאָכגעלאָפן די יידן און געהאַקט רעכטס און לינקס ביז דער יודישער קרבן איז געפאלן טויט.

דער טומל און שרעק איז געווען נישט צו באשרייבן, יעדערער איז געלאָפן און געשריגן און נישט געוווסט וווּ מען לויפט. די באנדיטן

האָבן געבושעוועט א פּאָר שעה און זיי זענען אוועק מיט אַלץ וואָס זיי האָבן אָנגעראַבירט, איבערלאָזנדיק א סך געהרגעטע און פאַרווונדעטע מענטשן אין מיטן גאַס.

איך בין אויך געלאָפן, ווו אַהין האָב איך נישט געוווּסט. אין זשאַשקעוו איז די באָד געווען הינטערן שטאָט. אין דער צווייטער הויז האָט געוווינט א גוי. איך בין אריין צו דעם גוי אין שטאַל ווו די פערד זענען געווען. אונטער א קופּע פון שטרוי בין איך ארונטער, און איך בין געלעגן אזוי א פּאָר שעה. דער גוי האָט אפילו נישט געוווּסט צי איך בין דאָרטן געווען, ער איז געווען אויפן יריד. דורך די שפּאַרונעס האָב איך געקאָנט זען וואָס ס'טוט זיך אין דרויסן, און אויך אז מענטשן דרייען זיך שוין ארום, א סימן אז די באַנדיטן זענען שוין אוועק. — בין איך ארויס פון דער שטאַל און געקומען אין מיטן שטאָט פאַרן סטאַווישטשער איינפאָר. וואָס מיינע אויגן האָבן דאָרטן געזען בין איך נישט בכוח איבערצוגעבן. די טויטע האָט מען אויסגעלייגט אין צוויי רייען אויף דער ערד. די פאַרווונדעטע האָט מען געגעבן הילף. די גוואַלד מיט די געשרייען וועל איך אין מיין לעבן נישט פאַרגעסן. יעדער איינער איז אויף געווען די גאַנצע נאַכט. מען האָט מורא געהאַט טאָמער וועלן זיך די באַנדיטן אומקערן צוריק אין שטאָט.

די נאַכט איז אוועק רואיק. אויף צו מאָרגנס פרייטיק האָט זיך קיינער נישט גערירט פון שטאָט. פון שבת רעדט מען דאָך נישט. ווער וועט וואָגן צו פאָרן אין שבת? גאָט האָט געהאָלפן. זונטיק, גויים פאָרן דורך, מען נעמט אָפּ גריסן אז אין סטאַווישטש איז שטיל, אָבער פאָרן אהיים איז נישטאָ מיט וועמען. פלוצלינג דערזע איך א גוי פון אונזער דאָרף ראַסקאַשנע, איוואַן, האָט ער געהייסן, איך פלעג אים דינגען צו פירן אייער און מעל קיין בעלאַצערקאָוו און קיעוו. ווען איך האָב אים דערזען איז פונקט ווי איך וואָלט דערזען משיח'ן, אויב ער וועט מיך נישט וועלן נעמען אהיים וועט ער כאָטש קאָנען אָפּגיבן א גרוס אז איך לעב נאָך. איך האָב אָנגעהויבן איינטענהן מיט אים, און ער זאָגט צו מיר, אז ער האָט א פולן וואָגן מיט שטרוי און איך זאָל זיך אוועקלייגן אונטער די שטרוי און ער וועט שוין מיך צוברענגען קיין סטאַווישטש.

אין דער היים האָט מען שוין געהערט וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין זשאַשקעוו פון א פּאָר גויים וואָס זענען געקומען פון דעם יריד פון זשאַשקעוו. זונטיק אין דער פרי האָט מיין מוטער און מיין ברודער משה אָנגעפאַנגען צו זוכן א וועג ווי אזוי אויסצוגעפינען צי איך לעב און וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט?

אויף דער ראַסקאַשנע איז די צווייטע הויז פון אונז געווען א גוי וואָס האָט געהייסן, פעטראָ, און דער נפש איז געווען בלינד אויף אן אויג. און האָט אונטערגעהונקען אויף א פיס און דערצו איז ער געווען א גרויסער שכור, איז מיין ברודער משה אוועק צו דעם פעטראָן און האָט אים באַדונגען ער זאָל פאָרן קיין זשאַשקעוו און אויסגעפונען וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט אויב איך לעב זאָל ער מיך זען צו ברענגען אהיים. ער האָט באַוויליקט צו פאָרן מען האָט אים גוט באַצאָלט און ער איז אוועק געפאָרן. ווער עס געדענקט דעם וועג פון סטאַווישטש קיין זשאַשקעוו האָט מען באַדאַרפט דורך פאָרן א קליין וועלדל. דער וועג האָט גענומען א האַלבן טאָג. אז פעטראָ איז געקומען צוריק אין שטאָט האָט ער אָנגעזאָגט מיין מוטער די „גוטע בשורה", אז ער האָט אליין געזען ווי איך מיט נאָך צוויי יידן

הענגגן אין וואלד, ער האָט אפילו געזאָגט וואָסערע קליידער איך האָב געטראָגן. עס איז דאָך פאר זיי קיין פראגע נישט געווען אז ער קאָן מיך זייער גוט ווייל איך בין דאָך אויסגעוואקסן די צווייטע הויז פון אים.

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ביי אונז אין הויז, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן.

די סטאַווישטשער בירזשע איז געווען אויף דעם שאָסיי אנטקעגן איבער דעם בית-המדרש. דאָרט איז געווען דער פלאץ ווו מען האָט גע־קויפט און פארקויפט, געפירט וועלט-פּאָליטיק, געדונגען ארבעטער, אָדער א פור ערגעץ צו פאָרן.

מיין מוטער און מיין ברודער זענען גלייך דעמאלט ארויס צום שאָסיי. זיי זענען געווען מיט דער דעה, אז דער וואָס הענגט אין וואלד בין איך, ווייל ווער האָט מיך געקאָנט בעסער ווי פעטראָ? מיין מוטער האָט געוויינט און געשריגן. דער עולם איז געוואָרן וואָס אמאָל גרעסער און גרעסער. איך בין געוועזן גוט באקאנט אין שטאָט, ווייל איך האָב געפירט געשעפטן מיט א סך מענטשן, פלעג פאָרן קיין קיעוו אוועק פירן אייער און מעל און ברענגען צוריק וואָס עס האָט זיך געמאכט: מאנופאקטור, צוקער, זאַלץ, זייף. אלץ וואָס מען האָט געבראכט קיין סטאַווישטש פלעגט מען פאזוקערן און מען פלעגט טאקע מאכן גרויסע פראָפיטן. דערפאר האָט מיך יעדער איינער גוט געקאָנט. בפרט אין א קליין שטעטל קען מען זיך זייער גוט.

מיין מוטער האָט געהאלטן אין איין וויינען. מיין ברודער משה און נאָך א פּאָר בעלי-בתים פון שטאָט זענען גרייט געווען צופאָרן אין וואלד און אראָפּנעמען די דריי הרוגים און זיי ברענגען צו קבר ישראל.

אָבער גלאט פאָרן קאָן מען דאָך נישט. ערשטנס, עס איז געווען א מורא צו פאָרן, און צווייטנס, האָט מען דאָך באדארפט וויסן דעם ריכטיקן פלאץ ווו אריינצופאָרן, האָט מען ווייטער באדארפט אָנקומען צו פעטראָן ער זאָל פירן צום פלאץ און העלפן ברענגען די הרוגים, אָבער פעטראָ האָט זיך דערווייל אָנגעשיכורט און האָט זיך צעלייגט אונטערן וואָגן, און גיי רעד צו אים? א נעכטיקער טאָג... אין קול ואין עונה — ער ענטפערט נישט!

און דאָ האָט זיך באַוויזן אויפן שאָסיי א פּאָר פערד מיט א וואָגן, און ווי דער שטייגער מאכן די רעדער א רעש איבער די שטיינער פון שאָסיי, און אויף דער פור האָט זיך באַוויזן נישט קיין אנדערער, ווי איך אליין...

איך האָב נישט געוווּסט וואָס דער טומל איז, וואָס דאָ האָט פאסירט? איך האָב בלויז געזען אז דער מארק איז געווען פארפלייצט מיט מענטשן. שטעלט אייך פאָר אז מען האָט מיך דערזען אויפן וואָגן, איז יעדער איינער ווי פאַרשטיינט געוואָרן. איך בין נישט בכוח איבער צו געבען וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן דעם טאָג אין שטעטל!

דעם זונטיק וועל איך קיינמאָל אין לעבן נישט פארגעסן! דאָס איז דער סוף פון מיין עפּיזאָד.

און אזוי איז דאָס לעבן אָנגעגאנגען אין אלע שטעטלעך פון דער אוקראינע. ביסלעכווייז בין איך אלט געוואָרן גאנצע 20 יאָר און איך האָב זיך פארליבט אין א מיידל, זי הייסט פאָלע אבאטאוויקע, זי איז לייב יאנעשיוויקערס טאָכטער. מיר האָבן חתונה געהאט און זיך ארויסגעלאָזט איוף דער לאנגער רייזע קיין אמעריקע. ווי אזוי

מיר האָבן די רייזע דורך געמאַכט דאָס איז א געשיכטע פאַר זיך אליין.

מיר זענען אָנגעקומען אין גאָלדענעם לאַנד און מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אין אַ קליינער שטאָט, וואָס הייסט, ווייט פליינס, 20 מייל פון ניו-יאָרק. מיר ווינען דאָרט די גאַנצע צייט און מיר האָבן ערצויגן זייער א פיינע פאַמיליע, צוויי טעכטער און איין זון, וועלכע מיר האָבן געגעבן אַ גוטע בילדונג. די טעכטער האָבן געענדיקט קאָלעדזש. דער זון האָט אויסגעשטודירט אויף דאָקטאָר און מיר זענען אלע גליקלעך צוזאַמען.

חוה זאסלאווסקי (בת הרב ר׳ יצחק-אברהם)

# ז כ ר ו נ ו ת

סטאַווישטש, א קליין שטעטעלע אין אוקראינע, קיעווער גובערניע, דאָרט בין איך געבוירן געוואָרן, פאַרברענגט מיינע קינדערישע יאָרן און די בעסטע יאָר פון אַ מענטשנס לעבן. דאָס שטעטעלע סטאַווישטש איז כמעט אין אלע אינזיכטן: עקאָנאָמיש, גייסטיק און קאָמערציעל, געווען ענלעך צו הונדערטער שטעטלעך אין אוקראינע, אָבער אין דער לאַנדשאַפט איז סטאַווישטש געווען א סך שענער. געווען ארומגערינגלט מיט גרויסע סאָסנאָווע וועלדער, שיינע גרויסע פליסיקע טייכן, מיט בוימער, פעלדער, אזוי אז דער קלימאַט איז געווען א גוטער און א געזונטער. און אָפט פלעגן קומען יידן פון גרעסערע שטעט זיך באַזעצן זומער-צייט צוליב דער גוטער לופט.

די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון 800—1000 יידישע פאַמיליעס. די גויים האָבן געווינט אויסער דער שטאָט, אזוי אז די יידן מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג האָבן זיך אינגאַנצן ניט אָנגעקערט. חוץ איין מאָל אַ וואָך ווען די גויים פלעגן קומען האַנדלען מיט די יידן מיט זייערע פראָדוקטן.

די יידן אין סטאַווישטש זענען מערסטנס געווען קרעמער, אויך בעלי-מלאכות, מעקלערס און שטעקל-דרייערס, דאָס מיינט — אָן שום פרנסה. זייער ווינציק נגידים זענען געווען אין סטאַווישטש, מערסטנס מיטל-קלאַס, און די בעלי-מלאכות זענען געווען גרויסע קבצנים. אין אלגעמיין איז דאָס שטעטעלע געווען אָרעם.

ניט קוקנדיק אויף דעם זענען די יידן געווען צעטיילט אויף גרופּעס, און זיך כמעט ניט אָנגעקערט איינער מיטן צווייטן. יחוס האָט געשפילט אַ גרויסע ראָלע, און אפילו די קינדער זענען געגאַנגען אין באַזונדערע חדרים. איבערהויפּט זענען געווען אָפּגעטיילט די בעלי-מלאכות. זיי האָבן געוווינט אין א באַזונדער גאַס, האָבן געהאַט זייער אייגענע שול, האָבן געהאַט זייערע אייגענע מנינים. אפילו מיט די קינדער זייערע איז געווען פאַרבאָטן צו חברן זיך. פון משדך זיין איז דאָך אָפּגערעדט.

נאָך א גרופּע וואָס איך געדענק זייער גוט איז געווען געפּסולט ביי די יידן, דאָס זענען געווען די ציוניסטן. דאָס איז געווען א גרופּע פונם יינגערן דור, זענען שוין געווען מער וועלט-

לעך, אידעאַליסטיש געשטימט, און האָבן געאַר־בעט פאַר ארץ־ישראל. זיי האָבן אויך געהאַט א באַזונדערע שול, זענען אויך געווען אָפּגעזונדערט פון די פרומע יידן, וועלכע האָבן מיט זיי שטענ־דיק געפירט א ביטערן קאַמף, ווייל די פרומע יידן האָבן געוואָרט אַז גאָט אַליין זאָל זיי אַריבערפירן קיין ארץ־ישראל.

אין שטאָט זענען געווען 6 בתי־מדרשים און א סך יידן פלעגן זיצן יומם ולילה און לערנען תורה. פאַר קיין פרנסה האָבן זיי זיך ניט געזאָרגט. די פרויען פלעגן באַזאָרגן פרנסה. די פרויען פלעגן אַרבעטן אין די קלייטן, פאָרן אויף ירידים אין אַנדערע שטעטלעך, און די מענער האָבן צו־געגרייט „יענע וועלט".

דאָך זענען אין סטאַווישטש קיין צו גרויסע למדנים ניט געווען וואָס זאָלן זיין באַרימט. איי־נער פון די למדנים און בני־תורה איז געווען דער סטאַווישטשער רב, הרב יצחק אברהם. חוץ דעם וואָס ער איז געווען א גרויסער בן־תורה איז ער אויך געווען א גרויסער חכם. ער איז געווען דער רעליגיעזער פירער פון שטאָט, דער וועג־ווייזער, דער שלום־מאַכער, פאַרטרעטער פאַר אַלע יידן פאַר גאָט און פאַר דער וועלט. ער האָט די יידן פון סטאַווישטש זייער פיל אַרויסגעהאָלפן אין אַלע צייטן, ספּעציעל אין די צייטן פון דער מלחמה. אין די פּאָגראָמען האָט ער זיי געראַטע־וועט פון די מערדערישע הענט. מיט זיין גרויסער חכמה האָט ער אַרויסגעראַטעוועט די יידן פון די גרעסטע סכנות. איך געדענק אַז איינמאָל האָבן די באַנדיטן צונויפגענומען אַלע יידן אין בית־המדרש און זענען שוין געווען גרייט אונטער־צינדן, אַלע יידן זאָלן פאַרברענט ווערן. איז דער רב אַרויס צו די באַנדיטן, פאַרפירט מיט זיי א שמועס, געהייסן דערווייל די יידן זיי זאָלן שטי־לערהייט אַרויס דורך דער הינטערשטער טיר פון בית־המדרש. ווען די באַנדיטן האָבן זיך געכאַפּט איז שוין קיין איין ייד אין בית־המדרש ניט געווען, דערפאַר האָבן זיי גענומען דעם רב אויפצוהענגען. די תליה איז געווען פאַרטיק און דער רב איז שוין געווען אויף דער באַנק ביי דער הענגענדי־קער שטריק. אינמיטן איז אָנגעקומען דער עלט־סטער באַנדיט און האָט דעם רב אַרונטער גע־נומען און אים אָפּגעפירט אַהיים. און א סך מאָל האָט ער איינגעשטעלט דאָס לעבן צו ראַטעווען די יידן פון סטאַווישטש און אַנדערע שטעטלעך.

דאָס שטעטל סטאַווישטש איז געווען אָפּ־געריסן פון דער גאַנצער וועלט 50 וויאָרסט צו א וואָקזאַל. יידן זענען געווען באַוווסטזיניק, וועלט־לעך, געוואָלט וויסן וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. יעדע וואָך פלעגט אָנקומען די „הצפירה" און „הזמן". די יידן ביי אונז זענען געווען גרויסע פּאָליטיקער און אפילו אין די שולן פלעגן זיי נאָך דעם דאַווענען זיצן שטונדן און רעדן פּאָליטיק און אויסרעכענען פאַרויס ווער מיט וועמען עס וועט פירן מלחמות, און ווער עס וועט געווינען. ווען עס וועט ווערן א רעוואָלוציע און ווו מען וועט דעם קייסער אַראָפּזעצן, און אַלעס וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. די צוויי צייטונגען פלעגט מען ליינען א גאַנצע וואָך און עס איבערגעבן פון איינעם צום צווייטן.

סטאַווישטש איז אויך באַוווסט צוליב דעם ווייל דאָרט האָט גראַף בראַניצקי געהאַט זיינע גיטער. זיינע פריצים האָבן געוווינט אין סטאַ־ווישטש, און האָבן געגעבן דעם יידן פרנסה. די גראַפסטוואָ האָט פאַרשענערט דאָס אויסזען פונם שטעטל. פון איין זייט דעם גראַפס פּאַלאַץ און אַנטקעגן האָבן געוווינט די פריצים אין שיינע מאָדערנע הייזער, אַרומגערינגלט מיט הויכע

בוימער, און אין מיטן האָט זיך געצויגן א לאנגער בולוואר ווו די יידישע יוגנט און אויך עלטערע מענטשן פלעגן אין שבתים און יום־טובים גיין שפאצירן.

דאָרטן פלעגן זיך טרעפן מיידלעך מיט יינגלעך, פארברענגען צוזאמען, און איך בין זיכער אז יעדערער סטאווישטשער ווען ער דערמאנט זיך פון זיין יוגנט אין סטאווישטש געדענקט ער דעם בולוואר.

קיין וועלטלעכע שולעס איז אין סטאווישטש ניט געווען. אלע קינדער האָבן געלערנט אין חדרים און געקראָגן א רעליגיעזע דערציאונג. פאר וועלטלעכע למודים פלעגן די רייכערע יידן אראָפּ־ברענגען א לערער פון א גרעסערער שטאָט וואָס האָט געגעבן לעקציעס. און דער מיטלקלאס האָט שוין אויך פון דעם גענאשט. דערנאָך פלעגט מען פאָרן אין גרעסערע שטעט אָפּגעבן עקזאמען.

די גאנצע יוגנט פון סטאווישטש האָט גע־שטרעבט נאָך תורה און וויסנשאפט און דאָס איז צום קרעדיט פון אונזער שטאָט סטאווישטש.

די יוגנט איז אויך געווען צעטיילט אין קלאסן, כמעט אלע אידעאליסטן זענען געווען ציוניסטן, זיך געריסן קיין ארץ־ישראל צו בויען דאָס לאנד פאָרן יידישן פאָלק. ס'זענען אויך געווען סאָציאליסטן וואָס האָבן געטרוימט פון א רעוואָלוציע, אראָפּוואָרפן דעם קייסער, און זאָל הערשן גוטס אויף דער וועלט.

די יוגנט אין סטאווישטש האָט זיך געריסן אוועקצופאָרן פונם קליינעם שטעטל אין דער גרויסער שטאָט צו שטודירן, אבער זייער ווייניק איז דאָס געלונגען.

# אַרטור שעכטער

אַרטור שעכטער האָט פאַרלאָזט סטאַווישטש אין יאָר 1907 ווען ער איז אַלט געווען 14 יאָר. געקומען קיין אַמעריקע האָט ער זיך באַזעצט אין טשיקאַגאָ, ווו ער האָט געוווינט עטלעכע יאָר. אין 1918 האָט ער זיך איבערגעצויגן קיין גרענד רעפּידס, מישיגען, ווו ער וווינט ביז היינט צוטאָג.

שעכטער האָט אָנגעפאַנגען פון קויפן רויע פעל, זיי אויסאַרבעטן און פאַרקויפן צו גרויסע פירמעס. דאָס געשעפט רופט זיך „וואָלווערין הייד קאָמפּאַניע". ער האָט אַנטוויקלט זיין געשעפט צו אַזאַ מדרגה, ניט נאָר פאַרקויפט ער זיינע סחורות דאָ אין לאַנד, נאָר ער עקספּאָרטירט זיינע אויסגעאַרבעטע סחורות אין אויסלאַנד.

ניט קוקענדיק דערויף וואָס ער איז זייער אַ פאַרנומענער מענטש אין זיינע גרויסע ענטוויקעלטע געשעפטן, געפינט ער אָבער צייט פאַר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און איז אַקטיוו אין יידישן לעבן אויף יעדן געביט, ספּעציעל אין פעלד פון יידישער קולטור.

ער איז אַ מיטגליד פון פאַרשידענע יידישע אָרגאַניזאַציעס, צום ביישפּיל: ער איז מיטגליד פון יידישן קולטור־קאָנגרעס, פון יידישן וויסענשאַפטלעכן אינסטיטוט „ייוואָ", וויצע־פּרעזידענט פון יידישן אַרבעטער קומיטעט, פאַרזיצער אין זיין שטאָט יונייטעד דזשואיש אַפּיעל, ער איז טשערמאַן פון ישראל באָנד קאַמפּיין אין זיין שטאָט און אַרום זיין ראַיאָן.

איך קען אים פּערזענלעך, איך געדענק אַרטור שעכטערן פון דער אַלטער היים, און בין זייער נאָענט באַפריינדעט מיט אים דאָ אין לאַנד. ער איז אויך אַ מיטגליד פון דער גרויסער יידישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע און אין קאַנאַדע „דער אַרבעטער רינג" פון וועלכער איך בין אויך אַ מיטגליד, און אָפטמאָל באַגעגענען מיר זיך צוזאַמען אויף זיצונגען פון דער, אָדער יענער, אָרגאַניזאַציע. ועל כולם איז ער אַ גרויסער נדבן. ער האָט אַ גוטע נשמה און אַ ברייט הארץ. העלפט יעדן און אומעטום ווו הילף איז נויטיק, און מיט אַ ברייטער האַנט.

איך פיל, עס וואָלט געווען אַ גרויסע אומרעכט פון מיר ווען איך זאָל ניט שרייבן און אויסדריקן וואָס איך ווייס און וואָס איך פיל אין שייכות צו מיין פריינט אַרטור שעכטער.

האָט איז צום ביישפּיל אַ לעבעדיקער פאַקט, ביי וועלכן איך האָב די געלעגנהייט אויסדריקן מיינע געדאַנקען וועגן אים. שעכטער איז געווען דאָ אין ניו־יאָרק צוריק מיט אַ יאָר צייט. ער האָט מיר, און נאָך אַ פּאָר סטאַווישטשער לאַנדסלייט, פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן פאַראייביקן אונזער שטאָט סטאַווישטש מיטן שרייבן אַ בוך געשיכטע וועגן סטאַווישטש אין אונזער צייט.

מיר דאָ האָבן זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט פאַר דעם. מיר האָבן גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון אונזערע לאַנדסלייט, און אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט און צוגעטראָטן צו דער אַרבעט.

איך וויל דאָ אַרויסברענגען אַז שעכטער איז געווען דער איניציאַטאָר פון דעם געדאַנק און דאָס איז ניט אַלץ. ער איז דער גרעסטער פינאַנציעלער שטיצער פאַר דעם בוך. אָן זיין איניציאַטיוו און אָן זיין באַשטייערונג וואָלטן מיר קיין

מאָל ניט געהאַט אַזאַ וווּנדערבאַרן אָנדענק נאָך אונזער שטאָט סטאַווישטש.

ער איז אַ ליבער ייִד, מיט גרויס ליבשאַפט צו יידן, צו יידישער קולטור, יידישער ליטעראַטור, און נאָך מער ליבשאַפט צו סטאַווישטש און סטאַווישטשער לאַנדסלייט.

מיט זיין גאַנצן ברען און פייער אַרבעט ער פאַר אַלעם וואָס האָט צוטאָן מיט יידן און מיט ייִדישקייט און איז אַ אמת'ער אוקראַאינער סטאַ־ווישטשער חסיד. מיר זענען שטאָלץ מיט אים און מיר ווינטשן אים און זיין פאַמיליע לאַנגע גע־זונטע יאָרן פון פּרוכטבאַרער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט וועלכע ער האָט אַזוי ליב.

# משה גאלאנט

ווען מיר האָבן אָנגענומען דעם פּלאַן פון אונזער חשוב'ען פריינד און לאַנדסמאַן, אַרטור שעכטער, צו שרייבן אַ בוך וועגן דער געשיכטע פון סטאַווישטש און דערמאָנען געוויסע לאַנדס־לייט וועלכע האָבן זיך מיט עפּעס אויסגעצייכנט, קען איך ניט אויסלאָזן נאָך אַ לאַנדסמאַן וועלכער האָט זיך אַרויסגערוקט אין פאָדערגרונט און גע־וואָרן אַ אָנגעזעענע פּערזאָן, און דאָס איז משה גאַלאַנט, משה קאַצעביוזקער דעם מלמד'ס אַ שטיף־זון.

צו שרייבן וועגן אים מוז איך דערמאָנען אייני־קע סטאַווישטשער וועלכע האָבן אים געהאָלפן צו ווערן דער, וועלכער איז ביז היינט צו טאָג. איינער פון זיי איז דער לערער אייזיק לאַנדע, וועלכער איז אָנגעקומען קיין סטאַווישטש און גע־וואָרן אַ לערער אין תלמוד־תורה.

משה גאַלאַנט איז געווען איינער פון זיינע תלמידים, און לאַנדע האָט באַמערקט אין אים גרויסע פעהיגקייטן. ער האָט זיך פאַראינטערע־סירט מיט זיין צוקונפט. אָבער ליידער האָט לאַנדע לאַנג ניט אָנגעהאַלטן זיין שטעלע אין תלמוד־תורה, ווייל ער האָט אָנגענומען אַן אַנדער שטעלע אַלס סעקרעטער אין ביורא פון אונזער גראַף בראַניצקי דער אייגענטימער פון סטאַווישטש.

לאַנדע האָט פאַרגעלייגט גאַלאַנטן אַז ער זאָל קומען צו אים אַהיים און ער און זיין שוועסטער, סאָניע, האָבן מיט אים געלערנט אַ שטיק צייט. ער האָט פיל געגאָסן פון לאַנדע'ס לערע, ווי אויך פון משה קאַצעביווקערס לערע. ער איז דער־נאָך געוואָרן אַן אַרויסהעלפער ביי משה דעם מלמד און פלעגט לערנען מיט קינדער „מאַכן ברכות", זאָגן „מודה אני" און אַנדערע למודים וואָס דרדקי־מלמדים לערנען מיט קינדער.

לייזער מאַטעליוווקער האָט פאַרגעשלאָגן גאַ־לאַנטן ער זאָל פאָרן אין דאָרף מאַטעליווקע און ווערן אַ מלמד פאַר זיינע קינדער. ער האָט גע־לערנט מיט די קינדער נאָר אין סעזאָן פאַרדינענ־דיק גאַנצע 9 רובל פאַרן סעזאָן. ער איז געקומען צוריק קיין סטאַווישטש און געוואָרן אַ אָפּטער איינגייער ביי לאַנדען, געגאַסט פון אים וויסנ־שאַפט וויפיל נאָר ער האָט געקענט. ער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס איז ניט קיין ציל. פאַרמאַ־

גענדיק גאנצע 13 רובל, האָט ער אין א שיינעם פרימאָרגן באַשלאָסן אוועק פאָרן פון סטאַווישטש און איז געקומען קיין סקווירע דאָרט צו לערנען.

גאלאנט האָט אין סקווירע געהאט א זיידן וועלכער איז געווען א פרומער ייד, א חזן אין דער גרויסער שול, א אָנגעזעענער מענטש. דערוויסנדיק זיך אז זיין אייניקל גייט אין א גויעשער שולע האָט ער אים פשוט ארויס געטריבן פון זיין הויז. זיינע 13 רובל האָבן זיך צוביסלעך אויסגעשעפּט און ער האָט אָנגעהויבן פילן א נויט.

די שילער אין דער רעגירונג־שולע, וווּ גאלאנט האָט געלערנט, האָבן זיך דערוווּסט פון זיין נויט און האָבן דערציילט זייערע עלטערן. און די עלטערן האָבן באַשלאָסן צוזאַמען מיט דעם דאָרטיגן קאַזיאָנע ראַבינער, אויך מיט זיין שוואָגער א שטאָט דאָקטער, אז זיי זאָלן אים העלפן יעדער איינער מיט א וואָך קעסט. גאלאנט האָט זיך דערצויגן אין א פיינער אריסטאָקראַטישער סביבה. מיט דער צייט האָט ער אָנגעפאנגען צו לערנען אפגעשטאנענע קינדער, ביז וואנען ער האָט געענדיקט די שולע און איז דערנאָך אָפּגעפאָרן קיין קיעוו.

ער האָט דאָרטן געפונען א שטעלע ביי א אדוואָקאַט. פון דאָרט איז ער צוריק געקומען אהיים קיין סטאַווישטש, און איז געוואָרען ווי א צווייטער לאנדע. לאנדע האָט געזען אז זיין ארבעט, זיין לערע, וואָס ער האָט בייגעשטייערט צו גאלאנטס וויסענשאפט איז ניט געגאנגען פארלוירן.

גאלאנט איז געוואָרען לערער ביי שמואל'ן דעם מלמד, צו לערנען רוסיש מיט זיינע תלמידים. אין א צייט ארום האָט ער געעפנט זיין אייגענע שולע און געהאט אויך פריוואטע לעקציעס, סיי מיט יידישע און מיט קריסטלעכע קינדער. ער האָט געלערנט מיטן פעלדשער כארטשינסקים, מיט דעם אדוואָקאַט סאַטשינסקיס קינדער, און אפילו מיט דעם פּריסטאַוו'ס קינדער.

מען האָט איבערגעפירט דעם סקווירער איספּראַווניק צו אונז אין טאראשטשער אויעזד. צופעליק האָט ער זיך באגעגנט מיט גאלאנטן ביים פריסטאַוו אין הויז, ער האָט אים גלייך דערקענט, ווייל ער פלעגט אים אָפט זען ביי די אריסטאָקראטישע פאמיליעס אין סקווירע ווי מען האָט גאלאנטן גערופן „דאָס יינגעלע". ער האָט געראָטן גאלאנטן ער זאָל אויפגעבן זיין לערעריי און אים רעקאָמענדירט צום אייגענטימער פון דער צוקערפאבריק אין זשאַשקאָוו, ער זאָל אים געבן א שטעלע אין קאַנצעלאַריע פון פאבריק. די פאבריק האָט געארבעט ניט מער ווי דריי מאָנאטן א יאָר. זיי האָבן אים אָבער געהאלטן זעקס מאָנאטן. מיט דער צייט האָט ער זיך באַקענט מיט א בארימטן אדוואָקאַט טשודנאָווסקי. ער איז געווען א קראַנקער מאַן און ער האָט זיך געניטיקט אין אזא פערזאָן ווי גאלאנט, ווייל ער איז געווען באַהאוונט אין יוריספּרודענץ, האָט ער אים אנגעשטעלט מיטצוהעלפן אין זיין ארבעט.

טשודנאָווסקי איז געשטאָרבן און גאלאנט האָט איבערגענומען זיין ביוראָ און זיין קליענטור.

דער אייגענטימער פון צוקער־פאבריק זייענדיק אליין א גרויסער אדוואָקאַט האָט קיין צייט ניט געהאט זיך אָפּגעבן מיט זיינע יורידישע געשעפטן האָט ער אויך פארטרויעט גאלאנטן זיין ארבעט.

ווען עס האָבן זיך אָנגעפאנגען די אומרוען און בלוט־פארגיסונגען אין אוקראינע איז גאלאנט אָפּגעפאָרן קיין בעסעראַביע (דאַמאָלס רומעניע). ער האָט זיך באַקענט מיט דאָרטיקע רעדאַקטאָרן

פון צייטונגען, רומענישע, יידישע און רוסישע, און זיך פארנומען מיט אדמיניסטראציע-געשעפטן אין די צייטונגען. ער האָט געמאכט א פיין לעבן, געקויפט דאָרט א הויז, דערצויגן א פאמיליע, און דאָרט געוווינט ביז עס האָבן זיך דערטראָגן ידיעות אז היטלער גייט אָקופירן בעסעראביע.

ניט טראכטענדיג לאנג האָט אים זיין טאָכ־טער פון אמעריקע באזאָרגט מיט די נויטיקע פאפירן און ער האָט פארלאָזט בעסעראביע אניפן וועג קיין אמעריקע. אָנקומענדיק קיין ניו-יאָרק איז ער זייער פריינדלעך אויפגענומען געוואָרן פון סטאָווישטשער לאנדסלייט און פון אונזער פאריין. ער האָט זיך באזעצט דאָ אין לאנד און געמאכט א פיין לעבן אלס געשעפטסמאן ביז היינט צוטאָג.

אויף אונזער לעצטער זיצונג פון פאריין, דעם 19טן מערץ האָט פריינד גאלאנט מיט אונז זייער פיין פארבראכט צו דער געלעגנהייט פון מעות-חיטין אונטערנעמונג, און ניט קוקנדיק אויף זיין עלטער פון 78 יאָר איז ער דער זעלבער לעבעדיקער און מוטיקער משה גאלאנט ווי ער איז געווען אין זיינע גאָר יונגע יאָרן.

# ישראל סענדעראָוויטש

ישראל סענדעראָוויטש פון טאָראָנטע, קאנא־דע, איז געקומען אהער אָלס יינגל און האָט זיך באזעצט אין קאנאדע. ער האָט דאָ חתונה גע־האַט, דערצוויגן א פאמיליע, און איז געווען אלע־מאָל איבערגעגעבן צו די אינטערעסן פון אונזערע לאנדסלייט און צו דער אלטער היימשטאָט סטאָווישטש.

מיט דער הילף פון אייניקע לאנדסלייט האָט זיך אים איינגעגעבן צו גרינדן א לאנדסמאנשאפט סאָסייעטע און איז געווען דער פרעזידענט פון דער סאָסייעטע אין משך פון פילע יאָרן, ביז עס האָט פאסירט אז זיין פרוי איז קראנק געוואָרן און ער האָט ניט געקענט זיך מער אָפגעבן מיט די ענינים פון דער סאָסייעטע.

די עלטערע מענטשן זענען צוביסלעך אוועק פון אונז, די יינגערע האָבן ניט געהאט קיין אנונג און אינטערעס אין דער אלטער היים. די געגנדן האָבן זיך געענדערט, פילע האָבן זיך איבערגע־צויגן אין נייערע אויפגעבויטע היימען, און די סאָסייעטע האָט זיך געמוזט אויפלייזן.

ניט קוקענדיק דערויף איז ישראל סענדערא־וויץ געבליבן געטריי און איבער געגעבן מיט הארץ און נשמה צו די לאנדסלייט און פלעגט זיך פון צייט צו צייט באגעגענען און פארברענגען מיט זיי.

ווען דער רוף וועגן שאפן א „בוך זכרונות סטאָווישטש" האָט זיך דערטראָגן פון ניו-יאָרק קיין קאנאדע, איז ער געווען דער ערשטער צו נעמען אָן אנטייל אין דער ארבעט און גלייך גע־ענטפערט אז ער איז גרייט צו העלפן מיט וואָס נאָר ער וועט קענען.

ער אליין האָט קיין ארטיקל ניט געשריבן אין בוך, ווייל ער איז געווען צו יונג ווען ער איז אָנגעקומען קיין קאנאדע, ער געדענקט ניט פיל וועגן סטאָווישטש.

לעצטנס האָט ער פארלוירן זיין פרוי, אים איז

ניט געווען אין זינען צו שרייבן, אָבער וואָס אַנבאַלאַנגט צו העלפן מיט עפּעס אין דער ארבעט האָט ער זיין חלק בייגעשטייערט.

ער האָט זיך באַגעגענט מיט אייניקע לאַנדסלייט און זיי האָבן באַשלאָסן צו שאַפן א סומע געלט צו העלפן דעם פאָנד פאַרן בוך.

ער האָט צוגעשיקט די סומע צו אונזער קאָמיטעט מיט אַ האַרציקן צושריפט פון געפיל און איבערגעגעבענהייט צו דער הייליקער ארבעט.

דעריבער האָט אונזער קאָמיטעט געפונען פאַר נויטיק אויסדריקן א האַרצלעכן דאַנק דעם פריינט ישראל סענדעראָוויטש און צו די יעניקע לאַנדסלייט אין קאָמיטעט וועלכע האָבן זיך פרייווויליק אָנגעבאָטן מיטצוהעלפן אין דער אַרבעט פון שאַפן דאָס בוך אלס א אנדענק פון אונזער אַלטער היים סטאָווישטש.

# שלמה (סאלאָמאן) גאָלוב

שלמה גאלוב בערזע איז געווען א לערער פון יידיש און רוסיש, א זייער אינטעליגענטער מאַן, ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין די יונגע יאָרן האָט ער געגעבן אוראָקן צו קינדער פון בעלי-בתים אין סטאָווישטש.

מיר זענען געווען א גרופּע פון פיר יינגלעך: לוי פריצקער, מרדכי דעם לעכטציער'ס אַ זון, אליהו ראָזענבליט, נחמן דעם „פאַלנאַמאַיץ" א זון, יאָטעק כהן, אליהו יעקב-ישראל דעם קצב'ס א זון, און איך אליין, ישראל רובטשינסקי, יהושע'קע דעם קצב'ס א זון. מיר זענען געווען אין עלטער צווישן 12 און 15 יאָר. מיר האָבן פאַרלאָזט די חדרים ווו מיר האָבן צוזאַמען געלערנט א סאַך יאָרן, אָנפאַנגענדיק פון אַ דרדקי-מלמד, ביז חומש מיט רש"י און גמרא-מלמדים.

מיר האָבן פאַרגעלעגט סאלאמאן גאלוב, ער זאָל מיט אונז, 4 בחורים, לערנען 2—3 שטונדן אַ טאָג. צוויי יאָר צייט האָט ער מיט אונז געלערנט. ער איז געווען לאַגיש, אויסגערעכנט, טאַקטיש און געוווּסט ווי אזוי זיך באַגיין מיט אונז און געפונען דעם צוטרוי פון זיינע תלמידים.

א צייט שפּעטער האָט ער אויפגעגעבן זיין פּראָפעסיע און איז געוואָרן א געשעפטס-מאַן. ער האָט געדונגען א קלייט פאַר א געשעפט פון ביכער און קאַנצעלאַריע-אַרטיקלען. ער האָט געמאַכט גוטע געשעפטן און דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז מיר האָבן פאַרלאָזט סטאָווישטש.

די פאַמיליע גאלוב האָט דערצויגן פיינע אינטעליגענטע זין מיט גוטן כאַראַקטערס און גוטע הערצער.

נאָכן ערשטן וועלט-קריג און נאָך דער רעוואָלוציע, ווען ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען די איבערקערעניש פון די פאַרשידענע מאַכטן און באַנדעס איז שוין געווען אוממעגלעך צו פאַרבלייבן אין סטאָווישטש. זיי האָבן ווי פילע אנדערע באַשלאָסן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און אוועקפאָרן קיין אַמעריקע.

די רייזע קיין אַמעריקע איז ניט אזוי גרינג אָנגעקומען זענען זיי געווען אין אָדעס, נאָכער א



לענגערע צייט אין בעסאראביע, רומעניע, ביז עס האָט פאסירט דער נס און זיי זענען אָנגעקומען קיין אמעריקע.

דאָס האָט פאסירט מיט אלע עמיגראנטן, וואָס האָבן זיך גענוג אָנגעפלאגט ביז זיי האָבן געפונען זייער מקום-מנוחה.

אין דער גאָלדענער מדינה אמעריקע האָבן זיי זיך די ערשטע צייט אַ ביסל צוגעפלאגט, ס'האָט אָבער ניט גענומען לאנג און זיי האָבן זיך אלע איינגעאָרדענט.

דער עלטערער זון האָט א פארזיכערונגס אגענטור (אינשורענס אגענציע), פארנעמט זיך מיט געזעלשאפטלעכע ארבייט, העלפט נויט-באדערפטיקע לויט זיינע אומשטענדן און א סך יאָרן האָט ער אויסגעהאלטן דעם פאָטער און מוטער אויפן בעסטען אופן. מ'קען זאָגן אז ער האָט דורכגעפירט דעם געבאט „כבד את אביך ואת אמך" וואָס בעסער האָט ניט געקענט זיין.

דער צווייטער זון, יעקב, האָט א פרוכט-געשעפט און פירט א פיין פאמיליע-לעבן.

דער דריטער זון, דער גוטהארציקער סאָני, ארבעט אין דער צייטונג „ניו-יאָרק טיימס", האָט אויך א פאמיליע.

אומקערנדיק זיך צו שלמה גאלוב וויל איך זאָגן אז די לעצטע עטלעכע יאָרן זיינע זענען געווען שווערע. ער האָט געהאט פארלאָרן זיין ראיה, און האָט זייער געליטן פון דעם, ער האָט ניט געקענט אָנהאלטן זיין געזעלשאפטלעכע ארבייט צו וועלכע ער האָט געשטרעבט, און דאָס האָט אין א געוויסער מאָס פארקירצט זיינע יאָרן. ער האָט' דערגרייכט א הויכן עלטער; ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1960 אין עלטער פון 87 יאָר, און זיין פרוי איז געשטאָרבן מיט א פאָר יאָר פריער.

דאָס איז אין קורצן די לעבנס-געשיכטע פון א נאָבעלן פיינעם לאנדסמאן וועלכען די שטאָט סטאווישטש האָט פארמאָגט.

# משה־לייב (מאַריס) קאנסקי

גאָר אַ יונגער בחור געווען אין דער צייט פון ערשטן וועלט־קריג, נאָך דער רעוואָלוציע, ווען די רעגירונגען האָבן זיך געהאלטן אין בייטן. יעדן טאָג זענען אריינגעקומען נייע באנדעס און האָבן טערארעזירט די שטאָט סטאווישטש, האָט זיך ביי משה־לייבן דערוועקט א שטארקער באַגער צו פארטיידיקן די שטאָט מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט.

עס האָט זיך דאַמאָלט געגרינדעט א זעלבסט־שוץ פון יונגעלייט צוזאמען מיט אונזער רב יצחק־אברהם גאסינסקי אין דער שפיץ, ארום צו גיין אין די נעכט און היטן די שטאָט. משה־לייב איז געווען איינער פון די יונגעלייט וואָס האָבן גענומען אנטייל אין דער נאכט־שוץ און אדאנק זיין היטן זענען פיל מאָל אויסגעמיטן געוואָרן אזעלכע אָנפאלן.

משה־לייב אלס יונגער בחור, האָט פארמאָגט אַ אמביציע צו פארלאָזן רוסלאנד און אוועק פאָרן קיין אמעריקע, אזוי ווי פיל אנדערע יידן האָבן באשלאָסן צו טאָן. אין יענער צייט האָט ער זיך באקענט מיט א מיידעל וואָס האָט געוווינט קעגנ־איבער דער גאס, גיטל זשיוואטאווסקי, גאָדעל־הערשל־חנה׳ס א טאָכטער, און אין א קורצער צייט ארום האָבן זיי געהייראט און אוועק געפאָרן קיין אמעריקע.

קומענדיק אין די פאראייניקטע שטאטן האָט ער זיך באזעצט אין ניו־יאָרק און אָנגעפאנגען האנדלען מיט טעקסטיל (מאנופאקטור), די זעלבע געשעפטן וואָס ער האָט געפירט אין סטאווישטש. ער האָט אָנגעפאנגען די געשעפטן קליין, נאכער גרעסער און גרעסער, ביז ער האָט געעפנט אַ קלייט און האָט געהאט ערפאלג אין זייגע געשעפטן.

ניט קוקנדיק וואָס ער איז געווען יונג איז ער אויך געווען רעליגיעז, ער האָט געדאַוונט יעדן טאָג, געפירט א יידישע הויז, אָנגעהאלטן יידישקייט. און ניט געווען פאנאטיש, געווען אַן ערלעכער מענטש אין פולן זינען פון וואָרט. ער האָט קיינעם ניט אָפגענארט, קיינעם ניט באשווינדלט, ביי קיינעם קיין געלט ניט צוגענומען, ער האָט געהאַלטן פון פסוק: „שלי - שלי, ושלך — שלך״.

זייענדיק אין ניו־יאָרק און וויסנדיק אז עס איז פאראן א סטאווישטשער סאָסייעטע, האָט ער זיך אנגעשלאָסן אלס מיטגליד פון דער לאנדס־מאנשאפט סאָסייעטע. ער איז געוואָרן זייער אקטיוו, איבערגעגעבן און געטריי מיט לייב און לעבן סיי צו דער מיטגלידערשאפט און סיי צו דער סאָסייעטע. ער איז געוויסער צייט א טראסטי, א קאסירער און אויך פרעזידענט. ער איז באַפריינדעט געוואָרן מיט אלע סטאווישטשער לאנדסלייט אפילו ניט קיין מיטגלידער, האָט געקריגן זייער פולן צוטרוי און יעדער האָט אים ליב באקומען.

עס איז טאקע ניט געווען אומזיסט, ער איז אין כאראקטער געווען א גוטער, ער האָט ליב געהאט צו טאָן טובות א צווייטן, מענטשן פלעגן קומען זיך האלטן עצות מיט אים סיי איןליידן סיי אין פריידן, און ער פלעגט יעדן איינעם ראטן צום בעסטן לויט זיין פארשטאנד.



מען זאָגט אָבער אז מען ווייסט ניט ווען עס קומט מאָרגן עס איז, כאָטש ער איז געווען א יונגער־מאן אין די מיטעלע יאָרן, האָט ער אָנגעפאנגען זיך פילן ניט געזונט. אין די לעצטע פאָר יאָר האָט ער זיך צוריק געצויגן פון געשעפטן און פון אקטיווער ארבעט, און מיט א דריי מאָנאטן צוריק האָט ער אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם אין עלטער פון 61 יאָר.

עס איז ווירקלעך געווען א גרויסער פארלוסט פאר סטאַווישטשער לאנדסלייט, און זיי וועלן אים קיינמאָל ניט פארגעסן.

ערע זיין אנדענק!

# פּאָגראָם געשעהענישן אין סטאָווישטש

סטאָווישטשע, א שטעטל אין טאַראַשטשער אויעזד, ביי דעם טייך איקאַאַש פון באַן (סט. בעלאַצערקאָוו) 50 וויאָרסט.

צאָל פון איינוואוינער ביז 1917 יאָר: אידן בערך 6000, קריסטן 20 טויזנט, איצט געפינען זיך בערך 80 פאַמיליען אידן בערך פון 400 מאַן.

א זאַוואָד אויף מאַכן בראַנפן, 3 מילן פאַראָוויע, זעלצער־וואַסער זאַוואָדן, פאַרשידענע בעלי־מלאכות, צום מייסטן מסחר.

די באַציהונגען צווישן אידן און קריסטן פאַר דער רעוואָלוציע איז געווען מיטעלע ניט קיין פריינדליכע, נאָר מען קאָן ניט זאָגן קיין פיינדליכע אויך. אין 1905 יאָר ווען ס׳האָט זיך אויפגעהויבן די פּאָגראָם כוואַלע אין דעם געגענד, דאַך איז אין סטאָווישטשע געווען רוהיג.

פאַר די פּאָגראָמען האָבן עקסיסטירט פאָלגענדע געזעלשאַפטליכע אָרגאַ־ניזאַציעס: א ליי און שפּאַר קאַסע, געגנזייטיגע קרעדיט געזעלשאַפט, 6 קאָאָפּעראַ־טיווע קלייטן, תלמוד־תורה — אידישע 2־קלאַסיקע שול, א קאַזיאָנע 4 קלאַסיקע שול.

אין אָקטאָבער מאָנאַט 1917 יאָר אין איינעם פון די טעג פון יריד האָט אויס־געבראָכן א פּאָגראָם פון דעמאָביליזירטן מיליטער, וועלכע איז דורכגעגאַנגען דורך דעם שטאָט, מען האָט צורויבט א מאַנופאַקטור געשעפט פון ה. אולאַנאָווסקי. דער פּאָגראָם האָט געדויערט עטלעכע שעה. א דאַנק דער אָרטיגער מיליציע, וועלכע האָט גענומען א גרויסן אנטייל אויף באַשיצן די שטאָט, האָט זיי איינגעשטילט דעם פּאָגראָם.

אין דעם זעלבן יאָר אין איינע פון נאָיאַבר־טעג איז אריין אין שטאָט א באַנדע פון 18 מאַן; דער אנפירער איז געווען איינער דאַבראַוואָלסקי. דאָס זענען געווען געוויינליכע באַנדיטן, וועלכע זענען אריין נאָר מיט דעם צוועק צו נעמען געלט. זיי האָבן גענומען 15.000 רובל קאָנטריבוציע, זענען געשטאַנען 2 שעה און זענען אליין אוועק פון שטאָט.

אין איינע פון די טעג פון פעווראַל 1918 יאָר אין דער צייט פון דער צענטראַלער ראַדע האָט זיך אריינגעריסן אין שטאָט א באַנדע פון 200 מאַן, בראָש איז געווען קראַוושענקאָ פון דאָרף סניזשקע, און האָבן איבערגענומען די מאַכט; איז אריין

אוקראַינישע מיליטער אויף ארויסצוטרייבן די באנדע און האבן צערויבט עטליכע קלויטן.

אין 1918 יאר זענען אנגעקומען פון דארף סטריזיווקע עטליכע טויזענט מאן פויערים. דער אויפשטאנד איז געווען נאר אויף די אידן; זיי האבן געזאגט דאן, אז די אידן האבן געבראכט די דייטשן: אויפן וועג קיין סטאַווישטש האבן זיי געהרגעט בערך 25 מאן אידן; אין דארף סטריזיווקע האבן זיי געהרגעט 14 אידן: אין דארף סוכארי 67 אידן; און אויף דעם וועג 5 אידן. פון דארף טארציצע זענען אנגעקומען נאך פויערים. בראש איז געווען איינער א באוואוסטער באלשעוויק גרעבענקא, און האבן זיך צונויפגע־נומען מיט די פויערים פון סטריזיווקע און האבן פארנומען די מאכט פון סטאַווישטשע און פון די ארומיגע דערפער. אזוי זענען זיי געשטאנען אין סטאַווישטשע ביז חדש אווגוסט. דעם 7־טן אווגוסט 1918 יאר איז פארגעקומען א שלאכט צווישן די פויערים מיט די דייטשן, וועלכע האבן גרעבענקען מיט זיין מיליטער ארויסגעטריבן פון שטאט; דאמאלס האבן די פויערים ביים אפטרעטן פון סטאַווישטשע געהרגעט 6 אידן. פון די געהרגעטע איז באוואוסט: אברהם־אלי לעווין און יצחק טארי. פון דאמאלס איז די שטאט געווארן אפגעשניטן פון דער האנדלסוועלט; קיין איד האט ניט געקענט ארויספארן פון סטאַווישטשע, ווייל די ארומיגע וועגן און וועלדער זענען געווען פול מיט פארטיזאנען, וועלכע פלעגן רויבן און הרגענען די אידישע דורכפארער. אין אזא לאגע האט זיך די שטאט געפינען ביז דעם יאר 1919.

חול־המועד פסח אין יאר 1919 איז אריין א באנדע בערך פון 80 מאן סעליאנער, זיי האבן זיך געמאלדן פאר „באזינעווצעס", זיי האבן געראבירט א פאר שעה, נאר זייערע עלצטע האבן געניים די באנדיטן אומקערן צוריק דער אידישער באפעלקערונג דאס, וואס זיי האבן גערויבט, און זיי האבן טאקע פיל אומגעקערט. דעם צווייטן טאג שבועות אין יאר 1919 איז אריין אין שטאט א באנדע פון 5000 מאן. דאס איז געווען א אפגעריסענע טייל פון גריגאריעווס מיליטער; די אנפירערס זענען געווען יאצענקא און זשעלעזניאק. זיי זענען געשטאנען אין שטאט 11 טעג. דעם ערשטן טאג פון זייער קומען זענען געווען 6 הרוגים. פון זיי איז באוואוסט: דוד כהן, אלט 20 יאר; יצחק כהן, אלט 30 יאר; מאלדאוואנסקי בן־ציון, אלט 43 יאר און סווירסקי, אלט 18 יאר. זיי האבן געפאדערט א מיליאָן רובל, אויב ניש וועלן זיי אויסשניידן די גאנצע אידישע באפעלקערונג; נאר מען האט מען ניט געקאנט צונויפנעמען ווי 500.000 רובל. דערצו האבן זיי צוגענומען 30 רינדער, 30 פערד און וואגנס. אלע 11 טעג וואס זיי זענען געווען

אין שטאט האבן זיי געריבט נאר די אידישע באפעלקערונג, וועלכע סחורה׳ס זיי האבן נאר געפונען האבן זיי צוגענומען, געהרגעט דעם פארזיצער פון קאמיטעט פון ארומקייט מרדכי גוטהארץ און 2 פרעמדע אידן, געשענדעט א סך פרויען. זיי האבן ארעסטירט 10 אידן אויסטראכטענדיג אויף זיי א בלבול, אז די אידן האבן אויף זיי געשאסן; נאר א דאנק דעם רב פון סטאווישטשע ר׳ אברהם, וועלכער האט איי־נגעשטעלט זיין לעבן און געגאנגען בעטן פאר זיי און האט זיי באוויזן אז עס איז א פראוואקאציע און געפונען חן ביי זיי אין די אויגן, האבן זיי די ארעסטירטע באפרייט. איינער פון די אנפירערס זשעליעזניאק האט געזאגט, אז זיי זענען נאר געגן קאמוניסטן. אויף דעם 12־טן טאג זענען זיי אוועק קיין טאראשטשע, וואו זיי האבן געכאפט א גרויסן קלאפ פון די רויטע ארמייער און האבן אפגעטראטן צוריק קיין סטאווישטשע; דאס איז געווען דעם 15־טן יוני 1919 יאר און זענען געשטאנען פון גאנץ פריה ביז 2 אזייגער בייטאג. פאר דער צייט האבן זיי געהרגעט 30 אידן.

2 אזייגער בייטאג זענען זיי אוועק פון שטאט. אין א פאר טאג האט די באנדע ווידער אנגעהויבן געהן קיין סטאווישטשע, נאר די אידישע באפעלקערונג האט זיך דערוואוסט פריער מיט א טאג און אלע אידישע איינוואוינער זענען זיך צולאפן פון שטאט. א מערסטע טייל פון דער באפעלקערונג איז געלאפן אין שטעטל וואלאדארקע, סקווירער אויעזד, וועלכע ליגט אין ערך פון 18 ווייארסט פון סטאווישטשע. א סך זענען געלאפן קיין בעלא־צערקאוו און א סך אין די ארומיגע דערפער. די באנדע איז געשטאנען א טאג און האט געריבט אלע אידישע פארלאזענע הייזער און זענען אוועק־געגאנגען קיין וואלאדארקע, וואו זיי האבן געטראפן די גרעסטע טייל פון סטאווישטשער באפעלקערונג מיט די באוואוסטן רב פון סטאווישטשע ר׳ אברהם. דער רב איז געגאנגען צו די אנפירער איבערהויפט צום אנפירער זשעלעזניאק, וועלכער האט געלייגט אויף דעם רב גרויס כבוד און זיי האבן אומגעקערט אלע סטאווישטשער אידן צוריק קיין סטאווישטשע. עס איז מערקווירדיג, אז ווען די באנדע איז אריין קיין וואלאדארקע האבן זיי פארברענט דעם בריק, וועלכער איז איבער דעם טייך ראסי, דורך וועלכן פארנדיג קיין סטאווישטשע מוז מען דורכפארן דורך דעם בריק. האבן די באנדיטן גענויט די פויערים פון שטאט זיי זאלן צייטווייליג איבערלייגן ברעטער און איבער־פירן די סטאווישטשער אידן. די באנדיטן, דאס הייסט, דער אנפירער פון זיי זשעליעזניאק, האט מיטגעגעבן די סטאווישטשער אידן ברויט אויף דעם וועג.

אין חדש יולי 1919 יאר אין איינע פון די נעכט האט דער מיליטער־קאמיסאר

קאַרניוזסקי מיט זיין מיטהעלפער בייטשקאָווסקי, ביידע געבוירענע פון דאָרף פּלאַרק (וואָס לעגט 10 וויאָרסט פון סטאַווישטשע) מיט זיין אָטריאַד רויטע אַרמייער פון 20 מאַן זיך אַריינגעריסן אין עטליכע אידישע הייזער, צובראָכן די שויבן, אויסגעבראָכן די טירן און האָבן געראַבעוועט און געהרגעט 9 מאַן. פון די הרוגים איז באַוואוסט: רויזענבליט שבח, אַלט 45 יאָר מיט 2 טעכטער פון 18 און פון 20 יאָר, זאב ווײַנשטיין, 40 יאָר, בילה וועקסלין, 50 יאָר (אַ ציין דאָקטאָר) און יעקב־בער זשיוואָטאָווסקי. זיי האָבן געוואָלט אונטערצינדן אַלע אידישע הייזער און האָבן אויך מודיע געווען די פּויערים פון אַרומיגע דערפער, אַז זיי זאָלן קומען העלפן אויסשניידן די אידישע באַפעלקערונג; אויף זייער רוף זענען אָנגעקומען 2 פורן מיט פּויערים, נאָר 10 אָרטיגע יונגע פּויערים האָבן זיך געשטעלט אַנטקעגן זיי און פאַרטיידיגט די שטאָט. אין 2 טעג אַרום איז געקומען פון טאַראַשטשע אַ קאָמיסאַר מאַזאַלי אויף איינשטעלן דעם אויפשטאַנד און האָבן אויך צוראַבעוועט אַ סך אידישע הייזער. דער אויבנדערמאָנטער קאַרניוזסקי מיט זיין אָטריאַד איז געווען אין שטאָט אַ פּאָר מאָל. איין מאָל שבת האָט ער מודיע געווען דער שטאָט, אַז אויב מען וועט ניט קומען צו אים זיך פאַרענטפערן דערפאַר, וואָס די אידישע באַפעלקערונג פון סטאַווישטשע האָט זיך אויף אים געקלאָגט אין קיעוו, וועט ער אויסשניידן די שטאָט. ער האָט גערופן צו זיך דעם רב, וועלכער איז צו אים ניט געגאַנגען. נאָר די אָרטיגע מיליציע האָט דאַן אָנגענומען שטרענגע מיטלען צו פאַרטיידיגן די שטאָט.

4 טעג אין חדש אב 1919 יאָר איז אַריין אַ באַנדע פון 12.000 מאַן זעלענאָווצעס, זיי האָבן געפאָדערט 2 מיליאָן רובל, פּראָדוקטן און נאָך זאַכן, געגעבן האָט מען זיי 412.000 רובל, 20 בהמות. זיי האָבן שטאַרק צוראַבעוועט די שטאָט; זיי האָבן צוגענומען אַלעס וואָס עס איז נאָך פאַרבליבן גוטס, וועלכעס עס איז געווען באַהאַלטן. עס איז דאַן געווען 2 הרוגים, איינער פון זיי איז מרדכי־ליב פרענקעל.

איידער מען האָט זיי געגעבן די קאָנטריבוציע, האָבן זיי אַרעסטירט 30 מאַן, צווישן די אַרעסטירטע איז געווען: דער רב אברהם, בנימין פיינזילבער, דער דערציילער, כלאָוונאַ כהן, סאָלגאַניק שמואל און סטעפּאַנסקי יוסף. איינער פון זייערע פּאָלקאָווניקעס האָט גענומען ביי די אידן אַ סך געלט זיך אַחוץ דער קאָנטריבוציע און האָט ניט דערלאָזט עס זאָל זיין מיין הרוגים.

ערב ראש־השנה 1919 איז אַריין דער אויבענדערמאָנטער דאָבראָוואָלסקי מיט 20 מאַן און געפאָדערט 100.000 רובל, — אויב ניט, וועט ער הרגענען און רויבן. מע

האט אים געגעבן 65.000 רובל און זיי האבן קיינים גארניט געטון. נאר ווען די אידישע פארשטעהערס זענען געקומען צו אים פאר זיין ארויסגעהן פון שטאט אים בעטן, אז מע זאל ניט רויבן האט ער אויף זיי געשאסן, נאר ער האט זיי ניט געטראפן.

אין נאיאבר 1919 זענען אריין אין שטאט בערך 16 מאן, זיי האבן זיך געמאלדן פאר דעניקענצעס. זיי האבן געפאדערט קאנטריבוציע; מע האט זיי געגעבן 70.000 רובל, זיי האבן צוגענומען א סך גאלד, זילבער אונד האבן געהרגעט און גערויבט. אין בית־המדרש האבן זיי געשענדעט 2 פרויען און געהרגעט א פרוי פון 70 יאר קאפאטשעווסקי, וועלכע האט זיי געבראכט איר טייל קאנטריבוציע. אין דעם בית־מדרש האבן זיי אראפגענומען פון יעדן די קליידער, זיי באזוכט און צוגענומען אלעס, געלאזט זיי הויל — און בלויז און שטארק געשלאגן. דעם רב אברהם האבן זיי געוואלט אפשניידן די רעכטע האנד, נאר ער האט זעהר געוויינט און געבעטן, האבן זיי דאס ניט געטון. דער נאך־האבן זיי אים געוואלט אויפהייגען אין בית־המדרש אויף א קרוטשאק וואו עס האט געהאנגען א הייגגלאכטער: זיי האבן אים שוין צוגעגרייט צו דער תליה, נאר זיי אליין האבן אים אפגעלאזט. זיי האבן געפאדערט בראנפען און וועטשערע אין בית־מדרש וואוהין מע האט זיי געבראכט און זיי האבן געגעסן און געטרונקען אין בית־מדרש, זאגענדיג ביים טרינקען: „פאר דעם לעבן פון די קרעסטיאנעס און פאר דער טויט פון די אידן”.

אין דעקאבר 1919 יאר ווען די דעניקענצעס האבן אפגעטרעטן פון אוקראינע זענען דורכגעגאנגען דורך דער שטאט סטאווישטשע א סך מיליטער, וועלכע האבן שטארק גערויבט די שטאט. דעם 10־טן דעקאבר איז דורכגעגאנגען א ראזוועדקע פון 20 מאן, זיי האבן גענומען 20.000 רובל קאנטריבוציע. דעם 12־טן דעקאבר 1919 זענען אנגעקומען 40 פויערים מיט דעניקינסקי מיליטער. זיי זענען געקומען אין בית־המדרש מיט א צעטל פון קאמענדאנט, האבן גענומען 50.000 רובל קאנטריבוציע און צו פוד האבער און נאך זאכן. דעם 15־טן דעקאבר איז דורכגעגאנגען גאר א גרויסע מחנה פון דעניקינסקי מיליטער און האבן שטארק גערויבט די אידישע באפעלקערונג. עס איז געווען 3 הרוגים, פון זיי איז באוואוסט: פישלין ראובן, מיראשניק. שווער פארוואונדעט איז געווען א קינד פון 4 יאר נתן, און אלטער ראובן באנין. 3 מאל האט מען אים אויפגעהאנגען, נאר ער איז לעבן געבליבן: א סך פרויען האבן זיי געשענדעט; א סך הייזער אנגעצונדן, פון וועלכע 3 הייזער זענען אינגאנצן פארברענט

געוואָרן. די נעמען פון די בעלי־בתּים פון די פאַרברענטע הייזער איז פאָלגענדע: שלום טריפּאָלסקי, משה כּהן, יוסף־בנימין ברוטמאַן. די גאַנצע צייט ביז אַפּריל 1920 איז געווען שטיל, נאָר אין דער שטילער צייט און אויך אין די פריערדיגע צייטן אין דעם משך פון איין פּאָגראָם ביז דעם צווייטן פלעגט די אָרטיגע מיליציע אָפּט מאָל מאַכן אָנפאַלן אויף די אידישע הייזער און זיי אָפּרויבן.

דעם 20־טן אַפּריל 1920 איז אַריין אַ באַנדע פון טעטיעוו, די אָנפירערס זענען געווען סליפּאַנסקי און קאַראַווסקי, ביידע געבאָרענע פון דאָרף האַנדריכאַ. די באַנדע איז געווען פון 50 מאַן. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך דערוואוסט פון אָנקומען פון דער באַנדע פריִהער מיט אַ טאָג און זענען זיך צולאָפן פון שטאָט. געלאָפן זענען זיי קיין טאַראַשטשע, ווינאָגראַד און בעלאַצערקאָוו, נאָר עס איז פאַרבליבן געציילטע מענשן — אַלטע, קראַנקע און קאַליקעס, פון וועלכע די באַנדיטן האָבן געהרגעט 18 מאַן. עס־זיינען באַוואוסט די נעמען פון די געהרגעטע: שרה שאַפּירא, אַברהם אַבאַ משוביגסקי. זיי האָבן געוואָלט אַנצינדן די שטאָט, נאָר איינינגע פון די אָרטיגע קריסטן האָבן ניט דערלאָזט. זיי זענען געשטאַנען 2 טעג און זענען אַוועק. אין 8 טעג אַרום זענען געקומען איינינגע פון זיי און האָבן שטאַרק געראַבעוועט נאָר צווישן זיי האָט זיך געפינען אַ סטאַשעוויטשער, וועלכער האָט אַמאָל געדינט אין סטאַשעוויטשער מיליציע האָט ער ניט געלאָזט הרגענען. דאָס מאָל זענען זיי געשטאַנען 3 טעג. שפּעטער מיט עטליכע טעג זענען ווידער אָנגעקומען אַ טייל פון זיי און האָבן געמאָלדן אַז אַלע אידישע איינוואוינער זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט, דערויף האָבן זיי געגעבן 2 שעה צייט. זיי האָבן צונויפגענומען אַלע אידישע איינוואוינער צום פּוילישן קאָמענדאַנט און מע האָט זיי אַרויסגעפירט 7 ווייאָרסט פון שטאָט ביז דעם דאָרף קריוועץ און פון דאָרט האָט מען זיי געהייסן געהן וואוהין די אויגן וועלן זיי טראָגן. אין שטאָט איז נאָר געבליבן קראַנקע און קאַליקעס. דאַמאָלס האָבן די היגע פּויערים אויסגעפירט זייער מעגליכקייט און האָבן אין פולן זיך פון וואָרט צעראַבעוועט די שטאָט; דאַמאָלס איז געווען אַ פּוילישע מאַכט און זי האָט זיי גאָר ניט געוואָרט. איינער פון די דערציילער, מאַנוס מאַריאַנאַוסקי, האָט דאַן געהאַט אַ פּוילישן פּראָפּוסק, און די מאַכט האָט אים געהייסן פאַרלאָזן די שטאָט זאָגענדיג, אַז זיי זענען ניט ערוב פאַר זיין לעבן. אין דער צייט האָבן די באַנדיטן געהרגעט 18 מאַן, צווישן וועלכע עס איז געווען: שרה קאַפּלאָווצקער, שלום לאַנדסמאַן און שלמה־זלמן פרענקעל. אין אידישן בקור חולים האָבן זיי געהרגעט 6 פרויען אַלטע. דעם פריער דערמאָנטן פרענקעל האָט מען

צוגעבונדן צו א חזיר און אינאיינעם מיט דעם חזיר ארייגעווארפן אין קעלער און דעם קעלער אנגעצונדן, און ער איז דארט פארברענט געווארן. בערך פון 8 טעג נאך שבועות, ווען די פוילן זענען ארויסגעגאנגען פון סטאווישטשע, האבן די ארטיגע פויערים צונעמען א סך הייזער און שטארק געראבירט. אז עס איז געווארן א ביסל רוהיגער און אייניגע מענשן האבן זיך אומגעקערט צוריק, האבן אייניגע פון די ארטיגע קריסטליכע אינטעליגענץ, וועלכע פלעגן נעמען אן אנטייל אין אלע רויבערייען פון אלע באנדעס, פון זיי איז באוואוסט: טשערבין — א לערער פון סטאווישטשער 4 קלאסיגע שול, דער מיראוואי סודיא, יעדן טאג געזייט א פאניקע, זאגענדיג, אז עס געהן באנדיטן, כדי די מענשן זאלן זיך צולויפן. דער אינספעקטאר פון דער 4 קלאסיגער שול האט אויסגעטראכט א בלבול, אז אויף דער שטאט געהען אידישע קאמוניסטן אויף הרגענען די קריסטן. זיי האבן ארומגערינגעלט די שטאט מיט פאליעמיאטן, מען האט זיך צונויפגענומען מיט די באנדיטן און געראבירט; אין איינעם פון די טעג פון חדש יוני האבן זיי אנגעצונדן 5 הייזער.

איצט געפינען זיך אין סטאווישטשע בערך 80 פאמיליען; די איינוואוינער זענען זיך ניט איינגעזעסן, ווייל זיי זענען שטארק אנגעשראקן און אין יעדער מאמענט זענען זיי גרייט צו אנטלויפן. דער חורבן איז זעהר גרויס; אלע קלייטן זענען פארמאכט, קיין האנדל איז לחלוטין ניט פאראן. דער רוב הייזער זענען צובראכן. פאר חלונע קאגאן, דעם געוועזענעם מיטגליד פון סטאווישטשער מעשטשאנסקי אופראווע, וועלכער האט זיך ניט געקענט צושרייבן איבער די סבות פון יום־טוב ראש השנה, האט זיך צושריבען ש. ראבינוביץ.

טראיאנאווסקי (?)

# מכתב אזעקה
# מאת רבה של סטבישצה לרבה של קיוב

**סטאבישצה, ה׳ אלול ה׳תרע״ח לפ״ק**

**אל כבוד הרב הנכבד משכיל בעמו ומו״צ לעדת קיוב וגלילותיה מוה״ר ר׳ שלמה אהרנסאן שליט״א והוא כהן לאל עליון.**

**שלום!**

**אנחנו באי כח עדת היהודים בסטבישצה מפילים תחנתנו לפניך, רבנו, לעמוד לנו בשעה זו של סכנת מות, המרחפת על ראשנו, כי מעשרת הקבין של יסורים ועינויים, שירדו בשעת חירום זו לעולם של יהודי אוקראינה, נטלה עדתנו תשעה.**

**עירתנו הנדחת, הרחוקה חמשים ורסטה ממסלת הברזל, נמצאת במרכז חבל הארץ, שבו התפשטה תנועת המרד של הפרטיזנים. לפני ששה שבועות, בערך, נתמלאה עירתנו שפעת קלגסים מהמתקוממים וגריבינקו בראשם והכריזו גיוס של כל הגברים מבן י״ח עד מ״ שנה. אחר כן הטילו מס על העירה בסכום של ט״ו אלף רובל. המס הכנסנו במלואו וגזרת הגיוס בטלה. כן החרימו הרבה סחורות שמצאו צרך בהם לפי דעתם למחירים מאד נמוכים ולפעמים בלא מחיר כלל. וכמעט אין לך חנות בעירה שלא סבלה מהחרמתם. אולם אם בעת הראשונה הסתפקו הפרטיזנים רק בהטלת מסים והחרמת סחורות והיו נמנעים מחמס ושפיכת דמים, כי סוף סוף שררה ביניהם איזו משמעת והיו להם ראשים ומנהיגים, שאליהם יכלו לפנות בבקשת הגנה, הנה עכשו נשתנה המצב לגמרי: לפני שני שבועות בא לעירתנו מחנה אשכנזים, והפרטיזנים עזבו את העירה. ביום השני החלה מלחמת דמים בין שני המחנות. המלחמה החלה בסביבות סטאבישצה אבל לאט לאט נדחקו הפרטיזנים אל תוך העירה ורחובותיה הצרים נהפכו לשדות קטל. שבע שעות רצופות לא פסק רעם הרובים וזורקי הכדורים — ומטר הכדורים נתך על העירה. תוצאות המלחמה לנו היהודים היו ארבעה הרוגים והרבה פצועים, כי כדורי המות חדרו גם בעד הכתלים לתוך הבתים. אולם ענויינו הכי נוראים החלו אחרי מלחמה זו. הפרטיזנים נהדפו אחור ומנהיגים עם חלק מאנשי חילם עזבו את סביבותינו והחישו מפלט להם מעבר לדניפר, אבל חלק גדול מהם, שהם בני הכפרים הסובבים את סטאבישצה, שבו, אחרי המפלה שנחלו, איש לכפרו ולביתו, הסתירו כלי נשקם והיו מתראים לעיני הבריות כאכרים העוסקים בעבודתם, והגרמנים לא יכלו למצאם, כי האכרים שכניהם לא מסרום לידי הגרמנים. הגרמנים התעכבו בעירתנו חמשה ימים ותכף אחרי צאתם הסירו הפרטיזנים המסתתרים את המסוה מעל פניהם, חגרו כלי נשקם ונעשו לשליטים... ובהיות אלה הפרטיזנים, בני הכפרים הסמוכים, בלי ראש ומנהיג עליהם, נעשו פשוט חבורה של שודדים ורוצחים. מתאספים הם חבורות**

חבורות של עשרה אנשים, אורבים על אם הדרך והורגים כל יהודי עובר ארח אחרי נצלם מעליו כל אשר לו· בכל יום ויום מביאים העירה יהודים הרוגים אחד או שנים· מפחד החמסנים והרוצחים אין יוצא ואין בא· מעינות הפרנסה נסתתמו, וחיי כל העירה תלויים להם מנגד, כי החמסנים האלה אינם מסתפקים במעשי רצח על הדרכים שבסביבות העירה, אלא באים חבורות חבורות גם אל העירה, חמושים בחרבות, ברובים ובומבות, מתנפלים על הבתים ומנצלים אותם, סרים אל החנויות ולוקחים בלי מחיר, אח"כ מטילים קונטריבוציה על העירה· הנה למשל, שבוע זה ביום א׳ בא לעירה חבר שודדים של י"א אנשים מוזנים בכלי נשקם ובומבות בידיהם והטילו קונטריבוציה על העירה בסך של כ"ה אלף רובל, וברוב עמל, אחרי הפצרות בדמעות שליש שהפציר בהם הרב, הסכימו להסתפק בחמשה עשר אלף רובל, ולאסוף את הכסף קצבו לנו זמן של שעה אחת· עכשו סובבות שמועות כי השודדים מתכוננים, אחרי שינצלו את העירה, להעלותה כלה באש· ככה נמצאת עדתנו הקטנה בין כפרים לעשרות הסובבים אותנו, המלאים חמסנים ורוצחים מזוינים מכף רגל ועד ראש, ככבשה העומדת בין שבעים זאבים· מספרנו דל וידינו ריקות בלי שום כלי זין להגן על חיינו ורכושנו· חוס נא, רבנו, על עדתנו האמללה והחישה לנו עזרה בצרה· הודע לאותם המקומות ולאותם המוסדים שבכחם להושיע ולשלוח לנו חיל הגנה מיד, מפני שבכל שעה צפויים אנו, נשינו וטפנו למיתה איומה בחרב ובאש·

באותה שעה נודע לנו כי נכנס גדוד גרמנים לעירה, אבל הוא יתעכב אצלנו רק ימים אחדים ואחרי צאתו ישובו החמסנים לעשות אתנו כחפצם· מבקשים אנו ודורשים בשם החמלה על אלף משפחות יהודיות להשתדל בשבילנו לשלוח הנה גדוד־הגנה תמידי ושלא יהיו עוד הגרמנים רק נכנסים ויוצאים אצלנו ואינם משפיעים כלל על החמס והשוד שיפסק לגמרי·

נאום חבר האופראווע העירונית (חתימה)

נאום יצחק־אברהם הייסינסקי מו"צ דפה סטאווישטש (חתימה)

נ· ב· כיון שהמכתב נתעכב בהשלחתו עד היום יום ראשון, עשירי באלול, נתוספו הרוגים שנמצאו על הדרכים· שלשום מצאו תחת הכפר "זשידיווסקא גרעבלי" תשעה יהודים הרוגים בבת אחת, חמשה אנשים וארבע נשים· כן מצאו במקום אחר גם גויים הרוגים· ואעפ"י שבעירתנו כעת חונים הגרמנים ומגינים מהתנפלות, הדרכים הם עדיין בחזקת סכנה·

(נתקבל 23·8·1918)

„פאָרווערטס", № 8473, פון דער 30־טן דעצעמבער, 1920:

# נעמען פון הונדערט ערמאָרדעטע יידן אין סטאַווישטש, קיעווער גובערניע

(ספּעציעלער קייבל צום „פאָרווערטס", פון ב. שיפרין). בערלין, דעצעמבער 29. איך האָב געקראָגן די נעמען פון הונדערט ערמאָרדעטע יידן אין סטאַווישטש, קיעוו גוב.

פאָלגנדע האָבן איבערגעלאָזן
א פרוי מיט פיר קינדער:

1. אברהם'ל ליטוואַק, 40 יאָר אלט.
2. בן־ציון מאַלאַדראָווסקי, 46 יאָר אלט.
3. זיין זון ראובן.
4. מאיר דער מלמד, 38 יאָר.
5. מיכל פּאַפּיראָוויטש, 55 יאָר.
6. יעקב דער שוחט, 40 יאָר.
7. נחום דער סטאָלער, 55 יאָר.

פאָלגנדע האָבן איבערגעלאָזן
א פרוי מיט 5 קינדער:

8. בנימין נאַטאַווסקי, פון יאַנאַשיווקע, 35 י.
9. שמוליק שטאַבסקי, 45 יאָר.
10. זיין פרוי, 38 יאָר.
11. מרדכי לייב פרענקעל, 45 יאָר.
12. אברהם דער שוחט, 55 יאָר.
13. זיין פרוי, 50 יאָר.

פאָלגנדע האָבן איבערגעלאָזן
א פרוי מיט 6 קינדער:

14. צבי גראַבמאַן, 44 יאָר אלט.
15. שלום שוועטקאָי, 38 יאָר.

פאָלגנדע האָבן איבערגעלאָזן
א פרוי מיט 2 און 1 קינד:

16. צבי לאַזאַנסקי, 40 יאָר אלט.
17. אברהם דווינסקי, 35 יאָר.
18. גיטל סענדעראָווסקי, 35 יאָר.
19. אסתר, קלמן דעם קירזשנערס טאָכטער, 60.
20. מאָרדשע בערקום, 48 יאָר. אויך:
21. באַיעץ בערקום, 22 יאָר,
22. מאיר, 16 יאָר.
23. עלע סטעפּאַנסקי, 35 יאָר.
24. זיין ברודער מענדל, 23 יאָר.
25. יצחק קאַגאַן, 35 יאָר.
26. מאָטל פישמאַן, 28 יאָר.
27. אברהם מאיר פישמאַן, 38.
28. נחום פראַנק, 33 יאָר.
29. פייוויש פּלאַטינסקי, 55 יאָר.
30. טיטצעק דער מילנער, 55 יאָר.
31. כוועליע דאַרטשעווסקי, 40 יאָר.
32. מאָטל גוטהאַרץ, 35 יאָר.
33. וואָלקע (זאב) וויינשטיין, 45 יאָר.
34. פייוול דער שמיד, 45.
35. זיין זון דוד, 28.
36. דענטיסט וועקסלער, 40.
37. זיין פרוי בלה.
38. הערשל דער זאַגאַטאַווטשיק, 35.
39. אייזיק קאַנסקי, 58.
40. שלום דענעסס, 55.

41. אברהמ'ל דעה שינדער, 50.
42. אשר, דער וואסער־פירערס שטיף־זון, 30.
43. זיין פרוי.
44. דוד איציקס, 32 יאָר.
45. שלום סאלגאניק, 55 יאָר.
46. דזשייקאב גרינשפאן, 35.
47. סטאפלא, בן־ציון דעם מלמד'ס פרוי, 35.
48. חייקע, 15 יאָר.
49. זעלדע, 5 יאָר.
50. רחל, פארוווּנדעט, 9 יאָר.
51. פייגע, 4 יאָר.
52. בייבי, 2 יאָר.
53. נחום וועלוול בערשאדסקי, 60 יאָר.
54. זיין ברודער יונה, 50 יאָר.
55. מאיר מיראטשניק, 55 יאָר.
56. חנה מעסזיבאווסקאיא, 50.
57. יעקב דוד זשיוואטאווסקי, 60.
58. לוי דער בעל־העגלה, 30.
59. משה שלמה קושניער, 25.
60. ניט דערקענטער יונגערמאן.
61. מחלה קאפטשעווסקאיא, 70 יאָר.
62. אברהם, דוד דעם פלאטאטשניקס זון, 12.
63. אייזיק ריזאנסקי, 55.
64. אברהם סוקאניק, 75.
65. יאנקל שומסקי'ס מוטער, 70.
66. גיטל ריבע קראפילאווסקאיא, 75.
67. יאָסל זשאבטשינסקי, 75.
68. זיין פרוי, 70.
69. זיידל וואלאדארסקי, 25 יאָר.
70. אברהם אבא (אפרים טשודינסקי'ס? זון), 30.
71. בעני, אהרן דער שניידערס זון, 22.
72. פינע ירוחמ'ס זון, 8.
73. אנ'אלטע געלעמטע פרוי, די ליטוואטשקע, 75.
74. אברהם דעם שוחט'ס טאָכטער, 20.
75. איציק טארי, 40.
76. דוד שינדל־דעקערס זון, 25.
77. צבי פיסנאי, פון סטאניסלאנטשיק, 16.
78. געסטל, ישראל־יונה'ס זון, 22.
79. יענקל גראפמאן, 25.
80. אברהם שעסטאק, 23.
81. צבי זאגאטאווטשיק, פון ראקיטינא, 45.
82. יצחק שאטשאן, 23.
83. פעסיע קארטשעווסקאיא, 55.
84. שרה ראָזענבערג (ראָזענבלום ?), 45.
85. איר טאָכטער, חנה, 22.
86. איר טאָכטער, 18.
87. שימע באיארסקי, 35.
88. שלמה זלמן דער קאלאשניק, 75.
89. משה נעסיער דער באנדער, 20.
90. שרה שאפירא, 55.
91. איטצע מאזוראקי, 50.
92. גאָלדע דיקצעוויטש, 50.
93. פיטצע קאפלאוויטשעס מוטער (שרה ?), 70.
94. ליפע סטעפאנסקי, 60.
95. אברהם, משה יענקעלס זון, 20.
96. קלמן נחום דער סטאָלער, 25.
97. זיין כלה, 20.
98. בערל יאלאדארסקי, געווען בלינד, 80.
99. שרה די שווארצע, א קאליקע, 80.
100. שרה די סארווערין, 80.
101. אלטע, דעם וועבערס טאָכטער, 30.
102. איר מאן, 32.

נאך צווי הרוגים וואס איך ווייס:

יוסף דער קצב רובטשינסקי, 87 יאָר.

זיין פרוי בתיה, 84 יאָר.

דאָס זענען די לעצטע קדושים וועלכע זענען בית־המדרש הגדול און ווי מיר דאכט די לעצטע יידן אויסגעהרגט געוואָרן פון זשעלעזניאקס באנדע אין אין שטאָט.

1. לעווין אברהם־אלי גערהרגעט אין אוגוסט 1918.
2. כהן דוד, 20 יאר. געהרגעט אין 1919.
3. סווירסקי, 18 יאר. „
4. פישלין ראובן, געהרגעט אין 1920.
5. לאנדסמאן שלום, „
6. פרענעל שלמה־זלמן, „
7-8. סמאליאר מיט זיין פרוי (פארברענט ביי זיך אין שטוב).

די אלע דאקומענטן זענען פאטאסטאטן וואס איז אונז צוגעשטעלט געווארן פון דער "ייווא" (זאמלונג פון אליהו טשעריקאווער)


## אַ דאַנק

דער קאָמיטעט דריקט אויס זיין טיפן דאנק דער „יווא" פון ניו־יאָרק פאַר זאַמלען די היסטאָרישע פאַקטן פון אונזער שטאָט און איבערגעבן אונז די פאָטאָסטאַטן.

ספר

# מִשְׁפַּט הַקּוֹרֵא

כולל כל דרכי הנקוד ומשפטי הקריאה בתורה לכל פרטיהם ודקדוקיהם

מאת לוי בן אליעזר מנחם ספעקטער.
ש"ץ וקורא בעיר סטאוישט פלך קיוב)

הולבה"ד ע"י דוד הורוויץ באָדסא



אדעססא

בדפוס א. דוכנא

שנת תרנ"ו לפ"ק



י"ל מחדש ע"י
בן בתו של המחבר ז"ל
דוד קאהן



ר' לוי בן אליעזר מנחם ספעקטער,
דער מחבר פון „משפט הקורא".

# מיטינג פון בוך־קאָמיטעט

**אפּגעהאלטן געוואָרן דעם 12טן יאנואר, 1961**

דער מיטינג איז געעפנט געוואָרן פון מר. רובין.

אנוועזענד זענען געווען: חוה זאסלאווסקי, מר. רובין, מר. פאלאנט, מר. און מרס. לואי ליפּאָווסקי, מר. און מרס. גאלוב, י. גאלוב.

ד ע ב א ט ע ן:

1) צו דרוקן דאָס בוך אין ישראל;

2) צו אדווערטייזן אין די צייטונגען;

3) פאָטאָגראפיעס;

4) זאמלען געלט;

5) זאמלען מאטעריאל.

ס'איז באשלאָסן געוואָרן:

1. צו נוצן דעם גאנצן מאטעריאל און אלע פאָטאָגראפיעס — ווי אויך א פאָטאָגראפיע פון דעם קאָמיטעט.

2. צו דרוקן דאָס בוך אין ישראל.

3. אנגיבן אן אדווערטייזמענט אין די צייטונגען; אין „טאָג" און אין „פאָרווערטס".

4. צו גרונדן א קאָמיטעט וואָס באשטייט פון די פאָלגענדע פערזאָנען, גאלאנט, רובין, ליפּאָווסקי און י. גאלוב, זיך צוזאמענטרעפן מיט סטאַווישטשער און זאמלען געלט פאר'ן בוך.

5. מר. רובין האָט פאָרגעלעזט א באריכט פון די מאטעריאלן וועלכע זענען אריינגעקומען — 19 ארטיקלען, 26 זייטן פון איווא, און א צעטל פון נעמען פון 109 קדושים. מר. רובין האָט אויך פאָרגעלייגט א צעטל פון ארטיקלען וועלכע דארפן צוגעשיקט ווערן.

(—) **משה גאלאנט**
(—) **חוה זאסלאווסקי**
(—) **לואיס ליפּובסקי**
(—) **אסתר ליפּובסקי**
(—) **(יצחק) אירווינג גאלוב**
(—) **(יוסף) דז'ו גאלוב**
(—) **פאַני גאלוב**
(—) **ישראל רובין**

„אקאדעמי האלל", 12טן יאנואר, 1961.

# א בריוו פון לאנדסלייט אין קאנאדע

מיר די אונטן אָנגעצייכענטע לאנדסלייט פון טאָראָנטע און מאָנטרעאל, קאנאדע, באגריסען הארציק דעם עהרען פרעזידענט ארטור שעכטער און דעם קאָמיטעט פאר דער ווונדערבאַרער איני־ציאטיוו און דורכפירן א פראָיעקט פון שאפן א בוך פון אונזער שטאָט סטאַווישטש. דאָס איז א נאָבעלע און הומאניטארע אונטערנעמונג און מיר זענען געווען צופרידן מיטהעלפן אין דער ארבעט מיט וואָס נאָר מיר האָבן געקענט.

מיר שעצן די ארבעט זייער הויך און דאנקען אייך זייער פיל פאר געבן אונז די גע־לעגנהייט אייך מיטהעלפן אין דער ארבעט. מיר ווינשן אייך גרויס ערפאלג אין אונזער אלגעמיינער אונטערנעמונג.

(—) ישראל סענדעראָוויטש
(—) י. לאוועט
(—) ב. יאלאווסקי
(—) י. רייזמאן
(—) מ. בארינסקי
(—) ל. סמיט
(—) ב. האָפמאן
(—) ב. דובינסקי
(—) ס. בארסוק
(—) מ. גולקא
(—) נ. יעקובאָוויטש
(—) י. מיראטשניק
(—) י. פיסנוי
(—) ב. יעקובאָוויטש
(—) דובה שיינים־סמיט

# אינהאלט